# CONTROL TEST TARGET
# for Kodak Quality Monitoring















Aa Bb Cc Dd Ee Ff Gg Hh Ii Jj Kk Ll Mm Nn Oo Pp Qq Rr Ss Tt Uu Vv Ww Xx Yy Zz

Aa Bb Cc Dd Ee Ff Gg Hh Ii Jj Kk Ll Mm Nn Oo Pp Qq Rr Ss Tt Uu Vv Ww

Note: This target is intended for routine quality control checking and uniformity.
It is not to be used for certification of meeting any ANSI or ISO Standards for image quality requirements.
Note: To record background density, use a blank sheet of white paper.

A-2289 CAT 800 7403 Rev. 2/00 @ Eastman Kodak Company, 2000 Printed in U.S.A.

Document Imaging
EASTMAN KODAK COMPANY
Rochester, New York 14650
1-800-232-8811

DOCUMENT
IMAGING



Farbo, Aleksander.
Di velt geyt unter :
drame in dray aktn.
Varshe, 1929.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2005-1913.23

**Farbo, Aleksander, 1888-1940.**
Di velt geyt unter : drame in dray aktn.
Varshe : Farlag "Koyhes", 1929.
87 p. ; 22 cm.

1. Yiddish drama.--lcsh
I. Poland-Warsaw.

ID : NXYH01-B22471 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /29585

Reduction ratio x10.0

אלכסנדר פארבא

# די וועלט גייט אונטער

דראמע אין 3 אקטן



פארלאג „כוחות"
ווארשע
1929

אלכסנדר פארבא

# די וועלט גייט אונטער

דראַמע אין 3 אקטן



פארלאג „כוחות"
ווארשע
1929

# פערזאָנען:

**גראָסמאַן.**

**רעגינאַ,** זיין פרוי.

**נאַטאַן,** גראָסמאַנס שיתּוף.

**קלאַראַ,** נאַטאַנס פרוי.

**רחל,** אַ דינסטמיידל בײַ גראָסמאַנען.

**אַ דאָקטאָר.**

אָרט — אין אַ גאַנץ גרויסער שטאָט; צייט — די קעגנוואַרט
אַלע 3 אַקטן קומען פאָר בײַ גראָסמאַנען אין מיטל-שטוב.

A. Farbo
Koniec Świata
Składano w zecerni
P. Krymera, Puławy.
Druk. B-ci Wójcikiewicz,
Warszawa, Pawia 10.

# ערשטער אקט

תהילה'ס נאכט. א שיין, ציכטיק צימער. רעכטס א פיאנינע, אויף דער פיאנינע נאטן און עטלעכע ביכער. לעבן דער פיאנינע א טיר אין שלאף-צימער אריין. אין הינטערגרונט א באלקאן-פענצ-טער מיט א לאנגן גלייך-אראפגעלאזטן פארהאנג. לעבן פענצטער א לאנגער שפיגל מיט א טואלעט-טישעלע, אויף דער וואנט לעבן שפיגל א טעלעפאן. בא דער לינקער וואנט שטייט א שאנק, אויף דער שאנק א קליין, שיין-געשניצט הילצערן קעסטעלע. לעבן דער שאנק איז א טיר אין קיך אריין. אין מיטן שטוב שטייט א טיש באדעקט מיט א טישטוך, ארום טיש זעקס שטולן, איבערן טיש ברענט א שיינער עלעקטרישער זשיראנדעל. גראסמאן זיצט בא'ן טיש. ער האלט א בליישטיפט מיט א נאטיץ-ביכל און רעכנט. רעגינא זיצט פארן שפיגל און מאכט זיך די פריזורע, זינגענדיק און ווינקענדיק צו גראסמאנען:

האט א ייד א ווייבעלע,
האט ער גרויסע צרות,
האט זי נישט קיין קינדערלעך,
טויג זי אויף כפרות!

האט א ייד א ווייבעלע,
האט א ווייב א יידעלע,
האט א ייד א ווייב —
א ווייב - א יידעלע.

### גראָסמאַן

אַ שיינע קאָמפּאָזיציע האָסטו דיר אויסגעקליבן צו זינגען, ס'איז אוודאי פון בעטהאָווענס ניינטער סימפאָניע.

### רעגינאַ

גיין, פון דער פינפטער.

זי זינגט דאָס לידל נאָכאַמאָל

גראָסמאַן שווייגט און חשבונט ווייטער, באַלד הייבט ער זיך אויף און גייט הין און צוריק איבערן צימער. רעגינאַ זינגט דעם מאָטיוו אָן די ווערטער, צווינקענדיק צו גראָסמאַנען

### גראָסמאַן

אוי, קינד, קינד, ווען וועסטו שוין אַמאָל פאַרשטיין, אַז דאָס לעבן איז נישט בלויז דער זינג און דער שפּרונג.

### רעגינאַ

קיינמאָל נישט, קיין—מאָל—נישט! זי טוט אַ קנאַק מיטן פינגער נאָר אַ זינג און נאָר אַ שפּרונג, אָן דעם איז דאָס לעבן גאָרנישט.

### גראָסמאַן

מיט אַ נאָכגיביקן טאָן

יאָ אַ זינג און יאָ אַ שפּרונג, אָבער אַ מענטש האָט דאָך עפּעס אַ תּכלית אויך. דאָס אַליין איז דאָך נאָך נישט אַלץ.

### רעגינאַ

דאָס איז אַלץ, אַלץ, אויסער דעם איז גאָרנישט.

### גראָסמאַן

בלייבנדיק שטיין

אויב אַזוי, לעבסטו אין טעות, מיין קעצעלע, אין אַ גרויסן טעות.



### רעגינאַ

אויסדרייענדיק זיך מיט דער שטול פון שפּיגל

רוף דאָס טעות, רוף דאָס, ווי דו ווילסט. יעדער מענטש דאַרף לעבן, ווי ער פאַרשטייט.

### גראָסמאַן

מען דאַרף אָבער גוט פאַרשטיין און דו פאַרשטייסט שלעכט.

### רעגינאַ

אָנגעברוגזט

וואויל איז דיר, אַז דו פאַרשטייסט בעסער.

### גראָסמאַן

מיט געלעכטער

גלייב מיר, כ'האָב דיך שוין אפשר באַליידיקט?

רעגינאַ ענטפערט אים נישט. זי גייט אין שלאָף-צימער. גראָסמאַן גייט פאַרטראַכט הין און צוריק. באַלד קומט זי צוריק אַריין אָנגעטון אין אַ שלאַפראָטשיק. זי שטעלט זיך פאַרן שפּיגל און קנעפּלט זיך צו. גראָסמאַן גייט צו איר צו, נעמט זי אַרום

### רעגינאַ

זי באַפרייט זיך פון אים, זאָגנדיק קינדיש

גיי, גיי, האָסט נישט קיין שאַנאָוואַניע פאַר אַ פרוי.

### גראָסמאַן

אויף מיר קאָנסטו דאָס זאָגן, רעגינאַ?

### רעגינאַ

זי זעצט זיך צום טיש

פּיש-פּאַש, דו רעדסט דיר אוודאי איין, אַז דו ביסט אַן אַדלמאַן און קיינער איז נישט דיינס גלייכן.

### גראָסמאַן

איך רעד מיר דאָס גאָרנישט איין, איך ווייס נאָר, אַז איך בין דיר איבערגעגעבן מיטן גאַנצן האַרץ.

ר ע ג י נ אַ

קומט דיר אַ יישר כּוח, אַ שיינעם דאַנק.

ג ר אָ ס מ אַ ן

באַ דיר איז דאָס גאָרנישט ווערט?

ר ע ג י נ אַ

באַ מיר איז איבערגעגעבנקייט אַ סך ווערט, עס ווענדט זיך אָבער צוליב וואָס די איבערגעגעבנקייט איז. נאָך אַ פּויזע אין דער איבער-געגעבנקייט פון אַ מאַנספּערזאָן צו אַ פרוי גלייב איך איבערהויפּט נישט.

ג ר אָ ס מ אַ ן

דאַרפסט נישט אַזוי צו זאָגן, רעגינאַ, אַזוי צו דענקען איז אַ זינד.

ר ע ג י נ אַ

באַ מיר איז דאָס דער אמת און דער אמת איז קיין זינד נישט.

ג ר אָ ס מ אַ ן

באַ דיר איז דאָך אַלץ אמת, וואָס דו טוסט יאָ און וואָס דו ווילסט נישט טון איז אַלץ אמת.

ער ווערט פלוצלינג ערנסט און גייט פאַרטראַכט הין און צוריק. רעגינאַ נעמט אַ ביכל פון דער פּיאַנינע און זעצט זיך צום טיש לייענען

ג ר אָ ס מ אַ ן

נאָך עטלעכע מאָל שפּרייזן איבערן צימער גייט ער האַסטיק אַ צו רעגינאַן, נעמט אָן איר האַנט און רעדט מיט געבעט

רעגינאַ, זע, זאָג אַליין.



ר ע ג י נ אַ

זי שטעלט זיך אויף, נעמט דאָס בוך און באַוועגט זיך צום שלאָף-צימער

איך האָב באַלד געוואוסט, אַז דו וועסט אַזוי לאַנג רעדן ביז דו וועסט אַרויסקומען אויף ס'דייניקע, דעריבער האָב איך מיך טאַקע געזעצט לייענען.

ג ר אָ ס מ אַ ן

פאַרוואָס הייסט דאָס אויף ס'מייניקע און נישט אויך אויף ס'דייניקע?

ר ע ג י נ אַ

ווייל איך האָב דאָס גאָרנישט אין זינען און דו, פון וואָס דו זאָלסט נישט רעדן, קומסט דו אַלץ אַרויף אויף דעם שמועס.

ג ר אָ ס מ אַ ן

וואָס זשע איז דער באַווייז דערפון?

ר ע ג י נ אַ

נערעגט

דער באַווייז דערפון איז, אַז דו האָסט אַ באַלעבאַטישע פּסיכאָ-לאָגיע, אַז דו ביסט אַ קליין מענטשעלע מיט ווייניק אינטע-ליגענץ,

זי ציט זיך אוועקצוגיין פון אים

ג ר אָ ס מ אַ ן

ציענדיק זי צו זיך

קיין אַנדערער באַווייז איז דאָס נישט?

ר ע ג י נ אַ

גיין

יאָ, אַז דו ביסט אַן עגאָיסט.

גראָסמאַן

ציענדיק זי צו זיך און ארומנעמענדיק זי מיט ליבשאפט

וואָס נאָך וועסטו אויף מיר זאָגן?

רעגינאַ

מער גאָרנישט. כ'האָב דיר שוין געזאָגט גענוג.

גראָסמאַן

זאָגסט שוין אַליין: גענוג.

רעגינאַ

אוודאי, אַז דו רעגסט מיך אויף.

גראָסמאַן

איך מיין דען, חלילה, דיך אויפצורעגן. זע, וואָסער נאַרעלע דו ביסט.

רעגינאַ

וואָס איז מיר דער אונטערשיד צי דו מיינסט יאָ, צי דו מיינסט נישט, אַבי דו דענערווירסט מיך.

גראָסמאַן

האלטנדיק זי פעסט ארומגענומען

גלייב מיר, רעגינאַ, אַז דאָס, וואָס דו רעגסט זיך לעצטנס אַזוי לייכט אויף, איז אויך צוליב דעם.

רעגינאַ

באפרייענדיק זיך פון אים

אוי, מאַכסט מיר אוממעגלעך מיט דיר צוזאַמען אין איין שטוב צו זיין. כ'וועל אַנטלויפן אין דער וועלט אַריין.

זי זעצט זיך צוריק אויף דער שטול, דעם קאָפ אויףביידע הענט געשפארט



גראָסמאַן

ער שטייט אַ ווײַלע שטיל, דאַן הייבט ער אָן מיט אַ בעטנ-דיקן טאָן

רעגינאַ, כ'בעט דיך, זע, לאָז מיך אַ פּאָר ווערטער רעדן, פאַרוואָס זאָלסטו דו אַזוי זיין? אַ פּאָר ווערטער, נישט מער, יאָ, רעגינאַ? רעגינאַ.

רעגינאַ

זי פארלייגט ביידע הענט אויף איר ברוסט, בלייבנדיק זיצן גלייך, ווי אַ סטאַטוע

רעד, רעד, רעד פון היינט ביז מאָרגן. דער טייוול האָט מיך אָנ-געטראָגן, כ'זאָל יעצט אין שטוב זיין. זי פאטשט איין האנט אין דער צווייטער און רופט רחל! רחל! צו גראָסמאַנען נו, רעד, רעד, ווילסט דאָך רעדן.

גראָסמאַן

בייז

רופסט רחלען און הייסט מיך רעדן, ווער ס'קען אייך נישט.

רחל

זי קומט אריין, ווישנדיק אַ טעלער

וואָס וויל די באַלעבאָסטע?

רעגינאַ

נאָכאַמענדיק

באַלעבאָסטע. די באַלעבאָסטע וויל זאָלסט איבערווישן די פּיאַנינע, דאָס מעבל און מאַכן אַ ביסל אָרדנונג, דאָס וויל די באַלעבאָסטע. מאַדאַם קאָן זי גאָרנישט זאָגן.

רחל

כ'וועל נאָר פאַרענדיקן דאָס געפעס וואַשן.

זי גייט אָפּ

ראַסמאַן

בייז

פונקט יעצט האָסטו זי געמוזט רופן? פונקט ווען דו האָסט זיך אַזוי צעשריגן: רעד, רעד! איך פאַרשטיי דיך אויסגעצייכנט, אויף די פרויען־שטיק קאָן איך מיך זייער גוט. — דו האָסט דאָך זי עקסטרע יעצט גערופן, כּדי איך זאָל נישט קאָנען רעדן; אויף אַזעלכע הינטער־שפּיצלעך זענט איר, פרויען, זייער עמפינדלעך.

נאָך אַ ווײַלע שווייגן

אָפּטמאָל וואונדער איך זיך: ווי קומט צו אייך אַזוי פיל געשיקטקייט און אײַנפאַל? איך בין דאָך שוין היינט נישט אַזוי... קיין ייִנגעלע, ס'הייסט, כ'בין דאָך שוין אַ מענטש, וואָס כ'בין אַריין אין לעבן...

רעגינאַ

אַרייַנפאַלנדיק אים אין די רייד אַריין

ס'הייסט, זאָג, שעם זיך נישט, ביסט דאָך שוין אַ מענטש, וואָס וויל אַ תּכלית.

גראַסמאַן

זאָל זיין אַ תּכלית. איך בין דאָך שוין היינט אין דער לאַגע, אַז איך קאָן רויִק באַאָבאַכטן, זע איך, אַז ניין און ניינציק פּראָצענט ליבעס אַנטשטייען דערפון, וואָס די ייִנגעלייט ווערן געפאַנגען, פּשוט געפאַנגען, דורך אַזעלכע הינטער־שפּיצלעך.

רעגינאַ

מיט איראָניע

אָ־חאַ, נעבעך, אַ רחמנות! מען דאַרף זיי זעען צו ראַטעווען.

גראַסמאַן

ראַטעווען, כ'מיין נאָר צו זאָגן, אַז בײַ אײַער גאַנצן צאַרטן, אומשולדיקן און מלאכימדיקן אויסזעען, זענט איר פול מיט...

רעגינאַ

מיט כּשוף, מיט פעך און שוועבל, מיט כּל בו.



גראַסמאַן

טאַקע מיט כּל בו.

רעגינאַ

שוין? כ'וועל מיר דאָס נעמען אין זינען אַריין.

זי לייענט דאָס בוך

גראַסמאַן

ער שטייט לאַנג, ווי געפּלעפט, אָן לשון, ענדלעך זעצט ער זיך לעבן רעגינען און הייבט אָן מיט אַ טאָן פון אונטערטעניקייט

רעגינאַ, הער מיך אויס אַ פּאָר ווערטער, זע, איך בעט דיך.

רעגינאַ

זי רוקט רויק אַוועק דאָס בוך, ווישט איבער מיט ביידע הענט דאָס פּנים און זאָגט שטיל

וואָס ווילסטו? נו, רעד, כ'וועל הערן.

גראַסמאַן

צוריקנדיק זיך נענטער צו איר

כ'וואָלט אַמאָל געוואָלט פון דיר אַליין הערן דיין מיינונג. ווייסט דאָך, אַז אַ מענטש לעבט נישט אייביק, אַ מענטש וויל ס'זאָל נאָך אים איבערבלייבן אַ געדעכעניש. ס'איז דאָך שוין, ביז הונדערט און צוואָנציק יאָר, זעקס יאָר נאָך אונזער חתונה, אַנדערע האָבן דאָך שוין אין אַזאַ צייט דריי־פיר קינדער. איך בין טאַקע נישט קיין אָנהענגער פון קיין סך קינדער. איך שטיי אויף דעם שטאַנדפּונקט, אַז אַ דריי קינדער זענען גענוג, אָבער קינדער האָבן וויל איך. גלייב מיר, רעגינאַ, אַז דאָס גאַנצע לעבן גייט מיר נישט איין. איך פיל זיך אַלץ־אין־איינעם אַזוי עלנט, אַזוי אומגליקלעך. אַז איך קאָן מיר דאָס גאָרנישט אויסרעדן. ס'איז דאָך באמת אַ פרייד, אַ רחבה אַ קינד אין שטוב, עפּעס אַזאַ קליין נפשל, אַ פּיצעלעס, מיט אייגעלעך, אַ קינדעלע, טאַ־טאַ־טאַ־טאַ, אוי רעגינעשי! רעגינעליו!

ער כאַפּט זי אַרום, טולענדיק דעם קאָפּ צו איר ברוסט

ר ע ג י נ אַ

אָפּשטופּנדיק אים פון זיך מיט געלעכטער

ווען דו וואָלסט געוואוסט, וואָס פאַר אַ נאַריש פּנים דו האָסט יעצט בײַ מיר אין די אויגן, וואָלסטו אַזוי נישט גערעדט. ס׳קאָן דען זײַן נאָך אַ העסלעכערע זאַך, ווי אַ סענטימענטאַלער מאַנס־פּערזאָן ?

ג ר אָ ס מ אַ ן

מיט היץ

דאָס הייסט בײַ דיר סענטימענטאַל ? ווען אין מיר לעבט דער ווילן פון פאָרטפלאַנצונג ; דערדאָזיקער כּוח, וואָס האַלט אויף די וועלט מיט אירע מיליאָנען פאַרשידענע בריאים שוין טויזנטער, טויזנטער יאָרן, הייסט דאָס בײַ דיר סענטימענטאַל ? בײַ מיר איז דאָס דאָס סאַמע נאַטירלעכסטע, דאָס סאַמע ערנסטע.

ר ע ג י נ אַ

שפּאָטיש

שוין, שוין, ביסט גערעכט, אַלזאָ, וואָס זשע ווילסטו ?

ג ר אָ ס מ אַ ן

מיט הארץ

כ׳וויל האָבן אַ קינד.

ר ע ג י נ אַ

נו, לייג זיך אין ב ע ט אַרײַן, וועל איך אַ לויף טון נאָך דער אַקושערקע.

ג ר אָ ס מ אַ ן

מיט פאַרדראָס

איך רעד ערנסט און דו מאַכסט דײַנע געלעכטערלעך.

ר ע ג י נ אַ

אַלזאָ, שוין, ווילסט האָבן אַ קינד. איין קינד ? דו שטייסט דאָך אויף אַ שטאַנדפּונקט פון אַ דריי.



ג ר אָ ס מ אַ ן

דערווײַל וויל איך האָבן איינס.

ר ע ג י נ אַ

אויך אַ חסד, וואָס וואָלט איך געטון, ווען דו וואָלסט אויף דערווײַל געוואָלט אַ דריי. אַלזאָ הער זשע, וואָס זאָל איך אָבער טון, אַז איך האָב פּאָרט נישט ? דו מיינסט, אַז נאָר דו ווילסט — איך וויל אפשר אויך, אָבער — ליידער.

ג ר אָ ס מ אַ ן

ווי אַזוי קאָנסטו זאָגן, אַז דו ווילסט א ו י ך, אַז דו ווילסט אפילו צו אַ דאָקטאָר נישט גיין ? נאָך אַ פּויזע רעגינאַ, ווען דו וואָלסט געוואוסט מײַן פּײַן, ווען דו וואָלסט געפילט מײַן האַרץ און מײַנע געדאַנקען, וואָלסטו זיך ערנסטער באַצויגן דערצו. כ׳ווייס נישט, מסתּמא איז דאָך דאָס אַן אייגנשאַפט פון אַ מענטש. נישט אַלע מענטשן זענען דאָך גלייך. נאָר איך, איך לייד דערפון אומגעהייער פיל, עס נעמט מיך אָפטמאָל אַרום אַזאַ עלנט, אַזאַ רחמנות צו זיך אַליין, אַז עס פאַרקלעמט מיר אַזש בײַם האַרץ נאָך אַ ווײַלע באַטריבט שווײַגן רעגינאַ, טו מיר צוליב, זע, גיי צו אַ דאָקטאָר, וועסט מיך פּשוט דערהאַלטן בײַם לעבן. וואָס זאָל איך טון ? דו זאָגסט אַלץ־אײַנײַנעם, אַז כ׳האָב אַ באַלעבאַטישע פּסיכאָלאָגיע, אַז כ׳בין אַ קליין מענטשעלע, אַלץ דערפאַר, ווײַל כ׳גיי אויס נאָך אַ קינד. ביסט אפשר טאַקע גערעכט, — איך קאָן דאָך אָבער פּאָרט איבער זיך אַליין נישט אַריבערשפּרינגען. בײַ מיר איז האָבן אַ קינד — אַ לעבנס־פראַגע.

ר ע ג י נ אַ

אַזש אַ לעבנס־פראַגע ?

ג ר אָ ס מ אַ ן

יאָ, יאָ, אַ לעבנס־פראַגע. אָן אַ קינד גייט מיר דאָס גאַנצע לעבן נישט אײַן. גלייב מיר, אַז איך פאַרנאַכלעסיק לעצטנס די געשעפטן אויך צוליב דעם. וואָס זאָל איך טון ? ווען כ׳וואָלט גע-

האָט אַ קינד וואָלט דאָס מיך גאָר אַנדערש באַוואויגן, כ׳וואָלט געוואוסט, אַז איך לעב צוליב עפּעס, און אַזוי איז גאָרנישט.

ר ע ג י נ אַ

הייסט עס, אַז צוליב מיר לעבסטו שוין היינט נישט, איך באַוועג דיך שוין היינט צו גאָרנישט — ברוך דין אמת! נעבעך געשטאָרבן אַזאַ יונגע, שיינע און הייליקע ליבע!

ג ר אָ ס מ אַ ן

גלייב מיר, אַז דו האָסט אַ טעות. ווען איך וואָלט דיך נישט ליב געהאַט, וואָלט גאָר אַנדערש געווען.

ר ע ג י נ אַ

וואָלסטו מיך שוין לאַנג אָפּגעגט, אמת? האָב איך דאָך טאַקע נסים! אַז מען שמועסט, אַ מענטש לעבט מיט נסים, איז דאָך נישטאָ וואָס צו רעדן.

ג ר אָ ס מ אַ ן

בערעגט

זע, וואָס דו ביסט. איך רעד צו דיר וועגן אַ זאַך, וואָס איז בײַ מיר אַ לעבנס־פראַגע און דו האַלסט אין איין שפּאַסן.

ר ע ג י נ אַ

נו, וואָס ווילסטו זאָל איך טון, וויינען?

ג ר אָ ס מ אַ ן

כ׳וויל זאָלסט גיין צו אַ דאָקטאָר.

ס׳הערט זיך אַ קלינג פון טיר־גלעקל

ר ע ג י נ אַ

אויפטרעלנדיק זיך

ניין, דאָס וועסטו בײַ מיר נישט פּועלן. איך שעם זיך פאַר אַ דאָקטאָר.

זי דערנעענטערט זיך צו דער קיך־טיר



ג ר אָ ס מ אַ ן

אין גאַייל

וואָר אַ דאָקטאָר איז זיך דאָ צו שעמען?

ס׳עפנט זיך די טיר און ס׳קומען אריין קלאַרא און נאַטאַן. קלאַרא איז שוואַנגער. קענטיק שוין אין די העכערע חדשים. אַלע באַגריסן זיך מיט די הענט. נאַטאַן איז אַ שלאַנקער און פיין געקליידעט

ק ל אַ ר אַ

שווער אָנידערזעצנדיק זיך

אוי, כ׳בין שוין פאַרמאַטערט געוואָרן פון די שטיגן. איך וואָלט קיינמאָל נישט געוואָלט וואוינען אַזוי הויך. מען ווערט דאָך אָנידערגעלייגט, עפּעס אַ קלייניקייט אַזאַ הויכער פערטער שטאָק.

זי אָטעמט שווער

ר ע ג י נ אַ

לאַכנדיק

מילא, דו טראָגסט דאָך מיט אַ פּעקל. מיר מאַכט דאָס גאַנץ־ווייניק אויס, באַזונדער, מען פאַרריכט שוין די צייטן די ווינדע. וואָס זשע הערט זיך עפּעס בײַ דיר?

ק ל אַ ר אַ

סטאַרע בידאַ. די מאָדיסטקע האָט זיך היינט געפרעגט אויף דיר, האָב איך איר געזאָגט דיין נומער טעלעפאָן. זי האָט אים געהאַט פאַרגעסן.

ר ע ג י נ אַ

זי האָט טאַקע טעלעפאָנירט. נו, האָסט דיר באַשטעלט בײַ איר?

ק ל אַ ר אַ

ב׳וועל דיר זאָגן דעם גאַנצן אמת, מיר געפעלן נישט איבעריק

אירע פּאַסענער. איך וויל אַ הוט אַ מאָדישן, אַ שיינעם, ווי מען טראָגט היינט, און זי וויל מיר אַלץ מאַכן אַזוי אויפרייסנדיק און שרייענדיק — ס'איז גוט פאַר אַן אַרטיסטקע, נישט פאַר מיר.

רעגינאַ

גיי, גיי, רעד נישט, זי האָט שוין איינמאָל געשמאַק, זי נעמט טאַקע טייער, נאָר ס'איז ווערט. זי מאַכט מיר אַ היטעלע וועט עס זיין,

זי טוט זיך אַ הויכן קוש אין די שפּיץ-פינגער

קלאַראַ

פאַר מיר איז עס נישט. איך האָב נישט קיין גוסט אין אַזעלכעס. איך האָב ליב ס'זאָל זיין מיט געשמאַק, מאָדיש, נאָר נישט שווי-צעריש.

רעגינאַ

און אַ ביסעלע גייט עס דיר טאַקע אין געלט אויך, אמת? שעם זיך נישט, זאַג.

קלאַראַ

איך שעם זיך גאָרנישט. אַז איך קאָן קריגן דאָס, וואָס איך וויל בײַ אַן אַנדערער מאָדיסטקע פאַר ווייניקער געלט, נאָך וואָס דאַרף איך איר צאָלן טייערער?

רעגינאַ

צוגעבנדיק

און דערצו נאָך נישט האָבן דאָס, וואָס דו ווילסט.

קלאַראַ

נאַטוראַלניע. איך וואָלט פון איר אַרבעט נישט צופרידן געווען.

רעגינאַ

און איך, ועסטו, האָב ליב אַ היטעלע ס'זאָל זיין אַ צוש,



איך קיין געלט קוק איך נישט. וואָס איז געלט? איינמאָל לעבט מען!

קלאַראַ

דו ביסט בכלל אַן אַנדערע. איך האָב שוין היינט צו קלערן, ווי זאָגט מען דאָס — פאַר אַ שטיקל תכלית.

רעגינאַ

אַ קלאַפּ טוענדיק אין טיש אריין

מעגסטו דאָך חתונה האָבן מיט מיינעם. ער קלערט דאָך אויך נאָר וועגן אַ תכלית.

קלאַראַ

לאַכנדיק

און דו, מיין איך, מעגסט חתונה האָבן מיט מיינעם, ער זאָגט אויך, אַז נאָר איינמאָל לעבט מען.

נאַטאַן

וועלכער זיצט די גאַנצע צייט און רעדט מיט גראָסמאַנען

וואָס זשע, צוויי מאָל לעבט מען?

גראָסמאַן

גלייבט מיר, אַז ס'זענען דאָ מענטשן, וואָס לעבן איינמאָל אויך נישט.

רעגינאַ

הינקענדיק צו קלאַראַן

דאָס מיינט ער, אַ שטייגער, זיך.

נאַטאַן

וואָס עפּעס, ער מיינט זיך, וואָס רעדט זי אים איין?

רעגינאַ

ער ווייסט שוין, אַז איך ווייס, וואָס איך רעד.

גראָסמאַן

באַליידיקט

עפּעס איז זי מיר געוואָרן אַזאַ חכמה, איך ווייס נישט פֿון וועמען אָן.

רעגינאַ

זינט כ'האָב מיך מיט דיר באַקענט.

קלאַראַ

צו נאַטאַנען

וואָס זאָגסטו נישט צו די צוויי לייט.

נאַטאַן

בישקשה, כ'בין אויסגעזאָרגט מיט זיי צו גראָסמאַנען זאָג נאָר, ווייסט אַז דו האָסט היינט אין גאַס אַ סך צו דערליידיקן. איך בין עקסטרע אַרויפגעקומען דיך דערמאַנען.

גראָסמאַן

אײַפשטעלנדיק זיך און אַרײַנלייגנדיק דאָס נאָטיץ־ביכל מיט דער בלײַשטיפט אין בוזעם־טאַש אַרײַן

יאָ, איך גיי טאַקע שוין. צ'וועט דאָך מיר אַנטשולדיקן?

נאַטאַן

איך דאַרף דיר נישט אַנטשולדיקן, ווייל איך גיי שוין אויך

גראָסמאַן

יאָ, דו ווילסט דאָך טאַקע אַרײַנגיין צום עקספּעדיטאָר, וועלן מיר גיין צוזאַמען.

נאַטאַן

צו קלאַראַן, אויפשטעלנדיק זיך

ווערסט באַלד זיין אינדערהיים? איך וועל מיך היינט גאָרנישט זוימען גיי באַלד אַהיים.



קלאַראַ

איך גיי באַלד. איך וועל מיך נאָר אַ ביסל אָפּרוען.

נאַטאַן דערלאַנגט רעגינאַן די האַנט, גראָסמאַן — קלאַראַן; דער־בײַ קוקט ער גיריק אויף איר בויך.

ביידע גייען זיי אַוועק

רעגינאַ

שאָקלענדיק זיך פֿאַר געלעכטער

אוי, האָסט דאָך גאָרנישט באַמערקט, ווי מיינער האָט באַשוינט דיין פּעקל. מעגסט דיר אָנטון אַ רויט בענדעלע. ער עסט דאָך דיך איינ־פּאַך מיט די אויגן.

קלאַראַ

גלייב מיר, אַז איך האָב רחמנות אויף אים. גיי, גיי, ביסט שוין איינמאָל אַ גוט שטיקל סחורה.

רעגינאַ

איך ווייס, אַז ער דערוועקט רחמנות, דערפאַר לייד איך אים נישט. אַ מאַנספּערשוין זאָל זיין אַזאַ ווייכע־מירל.

קלאַראַ

שטיק צרה, וואָס ווילסטו נעבעך פון אים, ער וויל האָבן אַ שטיקע־לע נחת, ער וויל האָבן אַ קינד, וואָס קומט אים דערפאַר.

רעגינאַ

נו, שאַדט נישט, ר'האָט געוואַרט זעקס יאָר, וועט ער וואַרטן נאָך פיר, כ'וועל צו אַכט און צוואָנציק יאָר אויך נישט פאַרשפּעטיקן. כ'גיי מיך שוין נעמען היינט קינדלען און מאַכן פון זיך אַ שוואַרצן תל.

זי שטעלט זיך אויף, קוקט אין שפּיגל אַרײַן, אַרומטאַפּנדיק מיט צופרידנקייט די טאַליע

קלאַרא

זאָרסט אָבער נישט פאַרגעסן, אַז דיינער, מיין איך, איז שוין אַ דריי=סיקער, יאָ? אפשר נאָך מער.

רעגינאַ

נו, איז וואָס? און אַז ער איז שוין אַלט צוויי און דרייסיק, וועט ער פאַרשפעטיקן? זיי פאַרשפעטיקן צו ניינציק אויך נישט. איך האָב מיך אַלנפאַלס נישט צו איילן. איך וויל נאָך אַליין אויך לעבן און נישט נאָר זאָרגן פאַר אַ דור נאָך מיר; הער, ווי לאַנג מען האָט נאָך נישט קיין קליינס, איז מען נאָך אַליין אויך אַ שטיקל מענטש, נאָר קוים האָט מען נאָר אַ קינד, איז — אַדיע, שלום מיט אַלעם!

קלאַרא

מיינסט, אַז איך ווייס דאָס נישט. איך ווייס דאָס אויך. דו ווייסט אָבער נישט וויפיל אַ קינד בינדט צו דעם מאַן צו דער פרוי. איך קאָן אַ סך מענער, וואָס וואָלטן איין טאָג נישט צוזאַמען געווען מיט זייערע פרויען, ווען נישט די קינדער.

רעגינאַ

אַנטדעקט אַמעריקע! ווען כ'בין נאָך אַ קליין יינגעלע געווען, האָב איך שוין געוואוסט די תורה. נאָר איך האָב נישט מורא פאַר דעם שד. האָסט דאָ געדאַרפט זיין פריער און הערן, ווי מיינער האָט פאַר מיר געבלאַגעט און געבעטן כ'זאָל גיין צו אַ דאָקטאָר. זי רעדט מיט געלעכטער הערסט, ס'איז נישטאָ ווער ס'זאָל לאַכן. דער שוטה גלייבט דאָך אויף אַן אמת, אַז אום צו האָבן אַ קינד, דאַרף איך אָנקומען צו אַ דאָקטאָר. הערסט, אַז ער הייבט מיט מיר אָן איינצוטענהן וועגן דאָקטאָר, בין איך שטאַרקער פון אייזן, אַז איך פלאַץ נישט אַרויס מיט אַ געלעכטער.

קלאַרא

מיטל'אַכנדיק

גיב מיר דיין הייליק וואָרט, אַז דו וועסט אים נישט פאַרהאַלטן,



וועל איך דיר דערציילן אַ שיינע זאַך, וואָס ער האָט היינט בײַ מיר אין שטוב געזאָגט.

רעגינאַ

פאַרהאַלטן. כ'לויף שוין, כ'האָב דען עפעס אַנדערש וואָס צו טון.

קלאַרא

מיט אַ פאַרטרויליכן טאָן

ר'איז היינט בײַ מיר געווען. מיטאָג=צייט, האָ'מיר אים געפרעגט, וואָס ער גייט אַזוי אַרום אָן אַ קאָפּ, האָט ער זיך פאַר אונז אַ ביסל, ווי מען זאָגט, פאַרטרויט. אויך דאָס אייגענע, אַז ער גייט אויס, ער וואָלט געוואָלט אַ קינד, נאָר דו ווילסט נישט גיין צו קיין דאָק=טאָר. איך און נאַטאַן האָ'מיר אים אויסגערעדט. איך האָב אים גע=זאָגט, אַז דו ביסט נאָך אַ יונג קאָזעלע, וועסט אַ ביסל עלטער ווערן, וועסטו אַנדערש ווערן. איך האָב אים דערציילט וועגן אַ פרוי, וואָס האָט פינפצען יאָר נישט געהאַט קיין קינד און היינט האָט זי שוין עטלעכע קינדער. ער אָבער האָט אַלץ געזיפצט און געזאָגט, אַז ער זאָל האָבן אַ קינד, וואָלט ער געווען דער גליקלעכסטער מענטש אויף דער וועלט. דערנאָך מאַכט ער אַזוי: צ'ווייסט דאָך, אַז איך האָב מיין רעגינאַן ליבער, ווי מיין לעבן, דאָך איז בײַ מיר היינט דאָ אָפּטמאָל מינוטן, וואָס כ'וואָלט געוואָלט, אַז זי זאָל קראַנק ווערן און כ'זאָל דאַרפן ברענגען אין שטוב אַריין אַ דאָקטאָר. פאַרשטייט זיך, זאָגט ער, אַז כ'וואָלט געברענגט אַן אַקושער=דאָקטאָר. מיט גע=לעכטער זאָלן מיר אַזוי געזונט זיין, ווי די ווערטער, אַזוי ווי איך דערצייל דיר.

רעגינאַ

לאַכנדיק

כ'ווייס, כ'ווייס, דו מיינסט, אַז איך גלייב דיר נישט? יענעם גייט דאָס איינפאַך אין לעבן.

קלאַרא

נו, וואָס זשע מאַכסטו חכמות, טו אים צוליב און שוין.

ר ע ג י נ אַ

*איראָניש*

יאָ, מאָרגן נאָך ביינע. *זי שטעלט זיך ארויף אויף א שטול און, ארויסנעמענדיק פון הילצערנעם קעסטעלע אן אפטייק-פודעלע, זאגט זי* זעסט, דאָס היט מיך אָפּ פון אַלע צרות.

ק ל אַ ר אַ

גיי, גיי, ביסט אַ ביטער שטיק.

ר ע ג י נ אַ

*אראָפּשפרינגענדיק שטיפעריש*

אַזוי, טאַקע, אַ ביטער שטיק. און וואָס וועסטו רעדן, אַז כ'וועל דיר גאָר זאָגן דעם גאַנצן אמת. אַז איך וואָלט באַשטאַנען גאָר אינגאַנצן נישט צו האָבן קיין קינדער ?

ק ל אַ ר אַ

גלייב איך דיר שוין נישט. אינגאַנצן נישט ?

ר ע ג י נ אַ

*אויפשטעלנדיק זיך*

יאָ, יאָ, אינגאַנצן נישט. נאָכוואָס דאַרף איך דאָס ? אַ קדיש ? — איך גלייב נישט אין די זאַבאָבאָנעס, דאָס ווייסטו דאָך ; דעם מאַן צו בינדן ? — ר'עט פון מיר אַזוי אויך נישט אַנטלויפן.

ק ל אַ ר אַ

מען קומט אָבער אין די עלטערע יאָרן צוריין איז גוט, אַז מען האָט קינדער.

ר ע ג י נ אַ

שאַ, כ'וועל דיר נאָך בעסער זאָגן : כ'בין דיר די עלטערע יאָרן אויך מוחל. איך, קאָן מיר, וואָגולע, נישט אויסמאָלן די עלטער. איך זע מיך אויף קיין פאַל נישט אַלס אַלטע. איך בין זיכער, אַז כ'וועל צו פינפציק יאָר נ י ש ט דערלעבן. און סטשעפּעט מיך נישט אויך. וואָס טויגן מיר עפּעס קינדער און עלטער. יעצט לעב איך, יעצט



געניס איך און אַלץ, וואָס ס'קאָן נאָר מיר שטערן מיט עפּעס צו געניסן פון לעבן, וויל איך אפילו אויף דעם געדאַנק נישט נעמען. אדרבה, זאָג מיר, איך בעט דיך, נ אָ ך וו אָ ס ט ו י ג ן מ י ר קינדער ?

ק ל אַ ר אַ

נאָך וואָס טויגן אַלע מענטשן קינדער ?

ר ע ג י נ אַ

אַז אַלע זענען בהמות, מוז איך אויך זיין אַ בהמה ?

ק ל אַ ר אַ

איז די גאַנצע וועלט בהמות. נאָר דו איינע ביסט די קלוגע ?

ר ע ג י נ אַ

זאָלסט וויסן דערפון, ז'איך בין טאַקע אַ קלוגע, נאָר כ'בין נ י ש ט א יי נ ע. אַזעלכע קלוגע, ווי איך, זענען שוין היינט דאָ אַ סך באַ אונז. באַ יידן איז דאָס אַ נייעס, באַ אַנדערע פעלקער איז דאָס שוין גאָר קיין נייעס נישט. באַ די פראַנצויזן, צום ביישפּיל, האָט מען שוין לאַנג אָנגעהויבן פאַרשטיין דעם אומזין פון קינדלען. באַ זיי איז שוין היינט אַ זעלטנהייט, אַז מען זאָל האָבן מער, ווי צוויי קינדער.

ק ל אַ ר אַ

גוט, צוויי קינדער, אָבער קינדער האָבן זיי דאָך, דו רעדסט דאָך אָבער פון גאָרנישט האָבן.

ר ע ג י נ אַ

אַזעלכע, וואָס ווילן אינגאַנצן נישט האָבן, זענען שוין היינט אויך דאָ אַ סך.

ק ל אַ ר אַ

מ י ר זאָל גאָט העלפן כ'זאָל יאָ האָבן. איך וואָלט מיך געפילט העכסט אומגליקלעך, ווען כ'זאָל, חס ושלום, נישט האָבן קיין קינדער. דעריבער פיל איך טאַקע דיין מאַנס צער

רעגינא

מיין מאַנס צער. וואַרט, וואַרט, וועסט נאָר האָבן אַ קליינס, וועסט שוין זען ווי עמען דיין מאַן וועט ליב האָבן — דיך, צי דאָס קינד.

קלאַרא

אַז ער וועט ליב האָבן דאָס קינד מער, ווי מיך, וועל איך אויך זיין גליקלעך. וואָס איז מיר דער אונטערשיד איך, צי מיין אייגן קינד.

רעגינא

איך פיל אָבער יאָ דעם אונטערשיד. דו דאַרפסט שוין אפשר נישט, איך דאַרף אָבער יאָ, אַז מען זאָל מיך ליב האָבן. באַזונדער, מיר ביידע זענען צוויי גאַנץ אַנדערע, דו ווילסט זאָרגן אויף נאָכן טויט און איך — מיר צו מאַכן וואָס באַקוועמער דאָס לעבן. נאָך מיין טויט מעג די גאַנצע וועלט אויף-און-אונטערגיין. דער טעלעפאָן הייבט אָן קלינגען; רעגינא גייט צום טעלעפאָן, זאָגנדיק פאַרפאַלן, איך וועל שוין אַנדערש נישט ווערן בײַם טעלעפאָן האַלאָ! האַ... האַ... יאָ, כ'האָב באַלד דערקענט... כאַ-כאַ-כאַ... שוין. באַלד... אַדיו, אַדיו!

קלאַרא

זי קוקט די גאַנצע צייט פאַרשנדיק אויף רעגינאַן

ווער האָט דאָס גערעדט, נאַטאַן?

רעגינא

אַ קיצלענדיק מיט אַ געלעכטער

כאַ-כאַ-כאַ! וואָס פאַלט דיר עפּעס איין נאַטאַן? ס'האָט גאָר גערעדט מיינס אַ קאַלעזשאַנקע. איבעררוזרנדיק אירע פריערדיקע ווערטער פאַרשטייסט? איך וועל שוין אַנדערש נישט ווערן, פאַרפאַלן.

קלאַרא

אויפשטעלנדיק זיך צום גיין

איך אויך נישט. נאָך אַ פּויזע כ'וועל שוין גיין.



רעגינא

זי זעצט זיך צו דער פּיאַנינע

ווען וועסטו מיר ווידער מאַכן אַ וויזיט?

קלאַרא

קום דו אַמאָל צו מיר.

רעגינא

כ'וועל שוין זיין בײַ דיר ווען. קום אַרויף מאָרגן אַ ביסל.

קלאַרא

מעגלעך, אַז יאָ.

זי דערלאַנגט רעגינאַן די האַנט און גייט אַפּ

רעגינא שפּילט און זינגט. ס'הערט זיך דאָס קלינגען פון טיר-גלעקל

נאַטאַן

ער קומט אַריין, מאַכט צו די טיר הינטער זיך, ער גייט צו צו רעגינאַן, נעמט אַרום איר קאָפּ און קושט זי

חייסטו, איידער כ'האָב שוין דערלעבט צו זען מיינע אַראָפּגיין.

רעגינא

אויסדרייענדיק זיך צו אים

זי האָט דיך כאָטש נישט באַמערקט?

נאַטאַן

ניי, דאָס מעג זי שוין פאַרגעסן! איך בין געשטאַנען אַנטקעגן אין טויער, אַזוי, אַז זי האָט מיך אויף קיין פאַל נישט געקאָנט באַמערקן.

רעגינא

אויפשטעלנדיק זיך

איך פאַרשטיי, אַז דו היטסט דיר גוט די סקורע.

נ אַ ט אַ ן

דו מיינסט טאַקע, אַז איך דאַרף מיך היטן, פֿריעג זי בחרם, יענע שפּירט זיך גאָרנישט.

ר ע ג י נ אַ

גלייב מיר, אַז דו האָסט אַ גרויסן טעות. דו האַלטסט דאָך זי פֿאַר אַזאַ נעבעכל, אַז זי פֿאַרשטייט גאָרנישט. פֿונדעסטוועגן איז יעצט געווען אַ פֿאַקט, וואָס כ'האָב געזעען, אַז זי ווייסט וועגן אונז ביידע מער, ווי מיר שטעלן זיך פֿאָר.

נ אַ ט אַ ן

וואָס א״ז עס געווען ?

ר ע ג י נ אַ

שטעל דיר פֿאָר, אַז נאָכדעם, ווי איך האָב איצט אַוועקגעלייגט די טרובקע, מאַכט זי צו מיר : „ווער האָט גערעדט, נאַטאַן ?“ — וואָס זאָגסט דו צו דעם ?

נ אַ ט אַ ן

איגנאָרירנדיק דעם פֿאַקט

ניי, נאַרעלע, זי ווייסט דאָרט, אָט האָט זי זיך געפֿרעגט, אָבער זי האָט נישט קיין שום מיין דערביי.

ר ע ג י נ אַ

איך זאָג דיר, אַז יאָ.

נ אַ ט אַ ן

יאָ, ניין, ס'איז מיר אַלץ איינס. מיינסט טאַקע.

ער זעצט זיך, נעמט זי ארום בא דער טאַליע, חילנדיק זי אוועקזעצן אויף זיין שויס

ר ע ג י נ אַ

באַפרייענדיק זיך פֿון אים

לאָז מיך אָפּ, דאָס מיידל קאָן אַריינקומען.



נ אַ ט אַ ן

אויפשטעלנדיק זיך

שיק זי אַוועק, דיין בעל תכלית קאָן אויך באַלד אָנקומען. ניי, ניין, ער וועט אפילו אַזוי שנעל נישט קומען. איך האָב אים אוין היינט באַזאָרגט מיט אַרבעט. דו ווייסט, ער טוט דאָך לעצטנס נישט אין געשעפֿט פֿונדאַנען ביז אַהער.

ר ע ג י נ אַ

דאָס זאָלסטו נישט זאָגן. ווי ער טוט נישט, טוט ער נאָך אַלץ אַזוי פֿיל, ווי דו. פֿאַרקערט, ער איז שטענדיק אַ חמור למשא.

נ אַ ט אַ ן

אַלזאָ, גלייב מיר, אַז איך קאָן מיך היינט אויף אים פֿאַרלאָזן ווייניקער, ווי אויפֿן שיק-ייִנגל. כ'וועל דיר דערציילן אַ נאַרישקייט : ס'איז יענע וואָך אָנגעקומען אַ באַשטעלונג, האָט ער דעם בריוו ארומגעטראָגן גאַנצע פֿיר טעג אין טאַש, ביז איך האָב אים צופֿעליק בא אים באַמערקט. ער האָט זיך אַזש אַליין געכאַפּט פֿאַרן קאָפּ. מיינסטו, אַז דו ביסט שוין פֿאַרטיק ? נעם איך און פֿאַרפּאַק די סחורה, אַ היפּש קעסטל קאָסמעטיק, און ער האָט דאָס געזאָלט באַזאָרגן צו דעם עקספּעדיטאָר. לאָזט זיך אויס, אַז עס ליגט נאָך אין געשעפֿט. ערשט יעצט איז ער אַוועק צום עקספּעדיטאָר און ער וועט דאָס ערשט מאָרגן צונעמען. ער נעמט זי ארום און קושט זי אָבער וואָס טויגן מיר יעצט די מעשׂיות, שיק נאָר אַוועק דיין צנועה.

ר ע ג י נ אַ

זי רופֿט, אָפּשטופּנדיק נאַטאַנען

רחל ! רחל !

רחל קומט אַריין

ר ע ג י נ אַ

ועסט אַ פֿאַר-טון צו מיין מאַמעשי ז'האָט דאָ נעכטן פֿאַרגעסן

אַ פּעקעלע און זי דאַרף דאָס נייטיק האָבן זי גייט אַפּ אין שלאָף־צימער און קומט גלייך צוריק, דערלאַנגענדיק רחלען אַ פּעקעלע נאַ, ז'האָט מיר היינט טעלעפאָנירט איך זאָל עס איר צושיקן. אויף אַ טראַמוואַי האָסטו? — איך וועל דיר אָפּגעבן.

ר ח ל

יאָ.

זי גייט אַפּ, רעגינאַ באַגלייט זי אַרויס

ר ע ג י נ אַ

זי קומט אַריין, שטיפעריש וואַרפנדיק און פּאַטשנדיק מיט די הענט

שוין, נישטאָ די צנועה.

נ אַ ט אַ ן

ער נעמט זי ליבלעך אַרום

אוי, ביסטו אַ וואַווילעבקע ער זייגט זיך לאַנג אין אירע ליפּן איין כ'האָב דיך ליב!

ר ע ג י נ אַ

מיך צי זיך?

נ אַ ט אַ ן

וואָס טויג אונז די פילאָזאָפיע, דיך צי זיך, זיך צי דיך. כ'האָב דיך ליב און שוין.

ער קושט זי הויך

ר ע ג י נ אַ

איך בין אַ שונא די פילאָזאָפיע. אַז מען פילאָזאָפירט, לעבט מען נישט — איך וויל לעבן, ווייסט פאַרוואָס? — ווייל איך פילאָזאָפיר נישט.

נ אַ ט אַ ן

טולענדיק זיך צו איר

דו ביסט דאָך אַזאַ טייערינקע, אַזאַ וואַוילעבקע, אַ שעפּסעלע.



ר ע ג י נ אַ

איך האָב ליב צו טרינקען פון לעבנס־בעכער מיט דער שוים. אַז לעבן, זאָל זיין געלעבט.

זי פאַרוואַרפט דעם קאָפּ אויף זיין ברוסט

נ אַ ט אַ ן

צודריקנדיק זי ליידנשאַפטלעך צו זיך

ביסט אַן אוצר, וואָס דיין אייגנטימער ווייסט, נעבעך, נישט דעם ווערט פון אים.

ר ע ג י נ אַ

וואָסער אוצר? וואָסער אייגנטימער? — דער אייגנטימער בין איך, איך אַליין און נישט קיין אוצר בין איך, נאָר אַ יונגע פרוי, גלייך מיט אַלע אַנדערע.

נ אַ ט אַ ן

ניין, דאָס נישט. גלייך מיט אַלע אַנדערע ביסטו נישט. דו ווייסט אַליין אויך, אַז אונזערע פרויען, נישט אויסגעשלאָסן מיין אייגענע כלוניתטע, זענען איינפּאַכע קי. טייל אַלטפרענקישע, טייל שוין אַ ביסל, מ'שטיינס געזאָגט, מאָדערנער, אָבער זעלטן מען זאָל געפינען אַ פרוי מיט אַן אויסדרוק, מיט אַ זיכערקייט אין אירע איבערצייגונגען, ווי דו ביסט.

ר ע ג י נ אַ

דאָס איז אמתדיק זייער צרה: ווילן לעבן, ווילן זיי אַלע, נאָר זיי האָבן, נעבעך, קיין כוח נישט, זינדיקן זיי מיט דעם בלויזן געדאַנק. לאַכנדיק איך האָב פיינט געדאַנקען. איך האָב ליב דאָס לעבן אַליין, נישט דעם געדאַנק.

נ אַ ט אַ ן

צודריקנדיק זי שטאַרק

גלייב מיר, רעגינאַ, אַז מיינע בעסטע מינוטן זענען באַ מיר די,

װעלכע איך פֿאַרברענג מיט דיר. שלעכט איז נאָר, וואָס זיי זענען לײדער, אַזוי װילנציק.

*ער קושט זי*

**ר ע ג י נ אַ**

נישט „לײדער“, נאָר צום גליק. גיי, גיי, דו קאָנסט נישט דאָס לעבן. װען דו װאָלסט מיט מיר געװען אַ לאַנגע צייט צוזאַמען, װאָלט איך בײַ דיר געהאַט דאָס זעלבע פּנים, װי דײַן װײַב.

**נ אַ ט אַ ן**

ניין, רעגינאַ, ניין, גלייב מיר, אַז איך װאָלט אויף דיר געװען מער מבין, װי דײַן מאַן. דאָס מעגסטו שוין זיכער זיין. *ער גלעט זי* ביסט דאָך אַזאַ טייערע, אַזאַ שיינענקע אַ—אַ—אַ מלאך.

**ר ע ג י נ אַ**

*פֿאַרװאַרפֿנדיק די הענט אַרום זײַן האַלז און שמײכלענדיק אים אין די אויגן אַרײַן*

אַ מלאך! אָװאַ, כ'האָב גאָרנישט געװאוסט. אפשר גאָר אַ קעצעלע? אַ טײַבעלע?

**נ אַ ט אַ ן**

*לײדנשאַפֿטלעך גערעגט*

אַזוי, הער אויף, מען קאָן דאָך אויסגײן פֿאַר גליק.

**ר ע ג י נ אַ**

*פֿילנדיק זיך באַפֿרײַען פֿון אים*

אוי װיי מיר, אויסגײן?? לאָז זשע מיך אָפּ.

**נ אַ ט אַ ן**

*אַרומכאַפּנדיק זי בײַ דער טאַליע*

אָפּלאָזן? דאָס נישט! *ער קושט זי װילד* רעגינעשי, דו װײסט גאָר־נישט, װי דײַן יעדעס װאָרט, װי דײַן יעדער בליק ברויזט אין מיר אויף די געבליטן.



**ר ע ג י נ אַ**

*בלײַבנדיק לויז נאָכגעהאַנגען אַרום זײַן האַלז*

מילא איז נישט, װילסט מיך נישט אָפּלאָזן, איז נישט.

**נ אַ ט אַ ן**

*באַדעקנדיק איר קאָפּ מיט לײדנשאַפֿטלעכע קושן*

רעגינעשי, רעגינעליו!

*ער ציט זי צו דער טיר פֿון שלאָף־צימער*

**ר ע ג י נ אַ**

*זי בלײַבט פֿעסט שטיין*

לאָז מיך אָפּ.

**נ אַ ט אַ ן**

*מיט זיכערקייט*

ניין, כ'װעל דיך יעצט נישט אָפּלאָזן, כ'קאָן דיך נישט אָפּלאָזן ביין!

**ר ע ג י נ אַ**

*שעלמיש*

עי, אַז איך װיל, װעסטו מיך אפֿילו יאָ אָפּלאָזן, כאָטש דו קאָנסט נישט.

**נ אַ ט אַ ן**

*מיט געבעט און נאָכגיביקייט*

רעגינעשי, פֿאַרװאָס װילסטו, איך זאָל דיך אָפּלאָזן, זע, ס'איז דאָך יעצט קיינער נישטאָ.

**ר ע ג י נ אַ**

*װײַזנדיק אויף דעם קעסטעלע, װאָס שטייט אויף דער שאַנק*

כ'װיל נאָר צוגיין צו יענעם קעסטעלע.

**נ אַ ט אַ ן**

און דו װעסט באַלד צוקומען?

ר ע ג י נ אַ

זע נאָר, צי כ'וועל באַלד צוקומען. און אַז כ'וועל נישט באַלד צוקו-מען, וועסטו נישט טרעפן צו מיר?

נ אַ ט אַ ן

ער טוט איר אַ קוש און לאָזט זי האַסטיק אָפּ

גיי צום קעסטעלע.

ר ע ג י נ אַ

דו מוזט זיך אָבער אויסדרייען צו דער וואַנט, כ'וויל נישט דו זאָלסט זען, וואָס איך נעם דאָרט.

נ אַ ט אַ ן

ווילסט נישט כ'זאָל זען — איז נישט.

ער דרייט זיך אויס צו דער וואַנט

רעגינאַ גייט צו צו דער שאַנק אַראָפּצונעמען עפּעס פון קעס-טעלע, נאָר אָנשטאָט צו נעמען, שטעלט זי זיך גאָר באַם טיש אין אַ פּויזע פון אַרומיאָגעלעך און זי קוקט לאַכנדיק צו נאַטאַנען

נ אַ ט אַ ן

נאָך עטלעכע סעקונדן וואַרטן

שוין? רעגינקע.

ר ע ג י נ אַ

יאָ.

נ אַ ט אַ ן

ער דרייט זיך אויס

אוי, האָסטו זיך גאָר אַרויסגעגאַרט פון מיינע אָרעמס.

ר ע ג י נ אַ

לאַכנדיק

יאָ, יאָ, אַרויסגעגאַרט אירפּניש פון דיינע שטאַרקע, שלאַנקע אָרעמס-רינגען.

נאַטאַן בלייבט אַ ווײַלע שטיין ווי צעמישט, נאָר באַלד לאָזט ער



זיך לויפן אַרום טיש. לויפט אייניקע מאָל אַרום, יאָגנדיק זיך נאָך רעגינען און ער קאָן זי נישט כאַפּן, און ענדלעך, ווען רעגינאַ דערפילט אים שוין באַלד נאָענט לעבן זיך, שפּרינגט זי אַרויף אויף אַ שטול, פון דער שטול אויפן טיש, כדי אַראָפּצו-שפּרינגען פון דער צווייטער זייט. נאַטאַן איילט אָבער און כאַפּט זי אַרום, איידער נאָך זי באַוויזט אַראָפּצושפּרינגען. ער האַלט זי איינגעגלצן אויף די הענט און ליידנשאַפטלעך ווילד טראָגט ער זי אין שלאָף-צימער אַריין.

ר ע ג י נ אַ

זי מאַכט נאָך באַוועגונגען זיך צו באַפרייען, בעטנדיק:

נאַטאַן, לאָז מיך אָפּ, אויף איין רגע.

נאַטאַן ענטפערט איר נישט און אַ צעפלאַמטער טראָגט ער זי אין צווייטן צימער אַריין, קושנדיק זי אָן אויפהער.

די בינע בלייבט עטלעכע סעקונדן ליידיק און דער פאָרהאַנג לאָזט זיך ראַש אַרונטער.

## צווייטער אַקט

אַלץ ווי אין ערשטן אַקט, בלויז נאָר מיט דעם אונטערשיד, וואָס דער באַלקאָן איז ברייט געעפנט. ס'זעען זיך: אַ זומערדיקער צע־שמייכלטער הימל, די אויבערשטע טיילן פון הייזער און דעכער. אויף דער פּיאַנינע שטייט אַ בוקעט.

קלאַראַ

זי זיצט בײַם טיש אין הוט און מאַנטל. זי זיצט אייניקע סע־קונדן, דאַן רופט זי:

רחל! רחל!

רחל קומט אַרײַן און זעצט זיך אַ שווײַגנדיקע צום טיש

קלאַראַ

וואָס ליפּסטו אַלץ־אין־איינעם אין קיך אַרײַן? זיץ נאָך אַ ביסל.

רחל

שמייכלענדיק

וואָס וועט ווערן פון זיצן?

קלאַראַ

וואָס זאָל ווערן? זאָגסטו, אַז קיינער קומט נישט צו איר. קיינ־מאָל נישט?



רחל

ניין, קיינער נישט. איך האָב נישט געזעען ס'זאָל ווער קומען.

קלאַראַ

ווי צו זיך אַליין

און אַז דו זעסט נישט, קומט מען דאָך נישט

זי בלייבט פאַרטראַכט

נאָך אַ קליינע פּויזע שטעלט זיך רחל אויף אַרויסצוגיין

קלאַראַ

ווי אויפגעוועקט

זאָגסטו, אַז נאַטאַן איז דאָ נעכטן אויך געווען?

רחל

גערעגט

לאָזן זי מיך אָפּ. איך זאָג נישט — און שוין.

קלאַראַ

זאָלסט אַזוי בטוח זיין פאַר אַ גוט מזל, ווי דו ביסט בטוח, אַז ס'חעס נישט אַרויסקומען. גיי, נאַר, גיי.

רחל

כ'חייס נישט, וואָס זי ווילן האָבן. ס'איז דאָך אַ שותף, קומט ער. פאַרוואָס זאָל ער עפּעס נישט קומען?

קלאַראַ

אויפגעמונטערט

יאָ, נאַריש קינד, וואָס מיינסטו, אַז איך האָב עפּעס, חס ושלום, אין זינען, נאָר גלאַט... ר'האָט מיר נישט געזאָגט, חאוּנדערט עס מיך.

רחל

אַלץ מוז ער אין זאָגן, ר'האָט אוודאי פאַרגעסן.

קלאַראַ

ר'איז דאָ לאַנג געזעסן?

רחל

גיין.

קלאַראַ

ביז עלעווע, כ׳ווייס דאָך, ר׳איז אַהיימגעקומען, איז שוין באַלד געווען האַלב צוועלף.

רחל

יאָ, ביז עלעווע.

קלאַראַ

וואָס איז די מעשה, וואָס גראָסמאַן איז נעכטן אַהיימגעקומען אַזוי שפּעט?

רחל

*בייז*

לאָזן זי מיך אָפּ. קריכן זי מיר נישט אויפֿס־קאָפּ.

קלאַראַ

איך קריך דיר דען אויפֿס־קאָפּ? איך קריך דיר גאָרנישט אויפֿס־קאָפּ. איך ווייס דאָך דאָס אַליין אויך.

רחל

אַז זי ווייסן ווייטער, וואָס פרעגן זי זיך?

*נאָך אייניקע סעקונדן שווייגן*

וואו איז זי ערגעץ, דיין מאַדאַם? ז׳האָט מיך באַשטעלט אויף דרייע און מען זעט זי נישט.

*ס׳הערט זיך דאָס קלינגען פון טיר־גלעקל. רחל איילט עפענען*

גראָסמאַן

*ער קומט אריין א פריילעכער, מיט א פיין־פארפאקט פעקעלע אין האנט*

האָ! אַ גוט ב׳אַהנט איהן קלאַראַ! *ער לייגט אוועק דאָס פעקעלע אויפֿן טיש און דערלאַנגט קלאַראַן די האנט* וואָס מאַכן זי עפּעס?



קלאַראַ

אַ דאַנק פאַרן פרעגן.

גראָסמאַן

זי זענען אויך נעכטן געקומען?

קלאַראַ

יאָ, איך בין דאָך געקומען צוזאַמען מיט רעגינאַן.

גראָסמאַן

כ׳בעט איהן זי מוזן דאָך וויסן, נאָך וואָס איז רעגינאַ געקומען?

קלאַראַ

ב׳ווייס? ס׳האָט זיך איר אודאי פאַרבענקט נאָך וואַרשע.

גראָסמאַן

*מיט פרייד*

זי זעט, קיין עין הרע גוט אויס, מיינע. זי האָט זיך אויך אַ ביסל פאַפראַוויעט.

קלאַראַ

מיר האָבן געטראָפן אויף אַ גאַנץ גוטן פּענסיאָנאַט. מען קאָן נישט זאָגן. איך בין דאָך נאָך אַ קינפּעט און איך פיל זיך גאַנץ גוט.

גראָסמאַן

כ׳ווייס נישט נאָך וואָס זי האָט געדאַרפט קומען. וואָלט זי כאָטש געפאָרן ערשטע קלאַס. ס׳איז אַזאַן ענגשאַפט אויף די באַנען, כ׳ווייס חס ושלום, אַ שטופּ, אַ שטויס.

קלאַראַ

איי, קלערן זי נישט אַזוי אַריין. *מיט געלעכטער* מאַיאַ ושאַנאַ ניעשע, ס׳זענען דאָ נאָך שוואַנגערע פרויען און פאָרן אויך.

גראָסמאַן

ס'איז מיר אַ וואונדער אויף איהן, אַז זי זאָל אַזוי זאָגן. זי הייסן דאָך, דאַכט זיך, יאָ, וואָס דאָס הייסט פאַר מיר. באַהיט און באַשערמט זאָל איך ווערן, חס ושלום, אַ מכשול, גלייבן זי מיר, אַז איך וואָלט דאָס נישט אַריבערגעטראָגן. נאָך אַ סעקונדע שווייגן זי זיצט כאָטש דאָרט איין אויף אַן אָרט? זי איז דאָך אַזאַ ברויזיקע. זי קאָן דאָך נישט איינרוען.

קלאַראַ

זי זיצט, זי שטייט, זי גייט, ווי אַלע מענטשן. וואָס ווילן זי האָבן? זי איז דאָך שוין, מיין איך, אין דריטן חודש.

גראָסמאַן

צופרידן

יאָ, שוין, קיין עין הרע, אין דריטן.

קלאַראַ

נו, שוין, האָבן זי נישט וואָס מורא צו האָבן. זי וועט אויס־טראָגן.

גראָסמאַן

רייבנדיק איין האַנט אין דער צווייטער

גאָט זאָל מיר העלפן!

קלאַראַ

שמייכלענדיק

זי ווערן, פאַניע גראָסמאַן, זע איך, גאָר אַ פרומער יי..

גראָסמאַן

קיין פרומער ווער איך נישט, נאָר גלויביקער יאָ. פרומקייט און גלויבן זענען גאַנץ באַזונדערע זאַכן. עס פאַסט אפילו נישט פאַר אַ מאָדערנעם מענטש אַזוי צו רעדן. דאָך מוז איך איהן זאָגן דעם גאַנצן אמת, אַז איך דערמאַן זיך, אַז רעגינאַ טראָגט,



קיין עין הרע, ווערט מיין האַרץ פול מיט ליב און דאַנקבאַרקייט צו גאָט.

קלאַראַ

איך האַלט אויך, אַז ליבן גאָט איז קיין שאַנד נישט, נאָר, זעען זי, נאַטאַן, ער האַלט נישט פון די זאַכן.

גראָסמאַן

אַזוי ווי נאַטאַן איז, בין איך אין מיינע פרייסטע צייטן אויך נישט געווען. ער איז בכלל אַ... הפקר מענטש.

קלאַראַ

אויב זי ווילן וויסן, איז רעגינאַ פונקט די זעלבע, באַ איר איז אויך אַלץ דערלויבט.

גראָסמאַן

רעגינאַ איז טאַקע אויך אַזוי, איך גלייב אָבער, אַז זי וועט, אם ירצה השם, אַ מוטער ווערן, וועט זי גאָר אַנדערש ווערן — נאַטאַן אָבער, ער בלייבט שוין אַזוי.

קלאַראַ

נאָך אַ ווײַלע פאַרטראַכט זיין

איך וואָלט אַ סך צופרידענער געווען, ווען ר'איז נישט אַזוי פריי.

גראָסמאַן

מילא, דאָס פאַרשטיי איך אַליין אויך. מיט אַ שמייכל מיט אַ מאַן אַ גלויביקן איז אַ פרוי זיכערער.

קלאַראַ

מיט אַ גלויביקער פרוי איז דער מאַן אויך זיכערער.

גראָסמאַן

אוודאי, אויף וואָס אַ היינטוועלטיקע פרוי איז פעיק, איז מיין מו־טער אַלס יונגע פרוי נישט פעיק געווען. ס'איז היינט בכלל זייער

אַ מיאוסע וועלט געוואָרן. אַמאָליקע יאָרן, אַז אַ פרוי האָט איין יאָר נאָך דער חתונה קיין קינד נישט געהאַט, האָט זי דאָך שוין באַ אַ וועלט גוטע-יידן און באַ די גרעסטע דאָקטוירים אָנגעשפּאַרט און אַ היינטיקע פרוי, אַז זי האָט אפילו זעקס יאָר קיין קינד נישט, טשעפּעט עס זי אויך נישט, פאַרקערט — זי איז נאָך צופרידענער. זי קאָן בעסער טרייבן די פּאָריע.

### קלאַראַ

נו, פּאָלאָזשעם, נישט אַלע היינטיקע פרויען זענען גלייך. איך געהער געוויס נישט צו זיי.

### גראָסמאַן

כ'ווייס, אַז זי זענען נישט אַזעלכע.

*ס'הערט זיך דאָס קלינגען פון טיר-גלעקל*

### גראָסמאַן

*ער הייבט זיך אויף און גייט צו דער טיר*

דאָס איז אוודאי רעגינאַ.

### רעגינאַ

*זי קומט אריין געאיילט. צו קלאַראַן*

ביסט דאָ, גוט, קום, איך דאַרף אַוועקגיין, וועסטו מיט מיר מיטגיין.

*זי בייגט זיך צו צו קלאַראַן און רוימט איר עפּעס אין אויער אריין*

### קלאַראַ

שוין יעצט? איך וועל דיר זאָגן דעם גאַנצן אמת: איך קאָן נישט מיטגיין.

### רעגינאַ

יאָ, יאָ, וועסט יאָ מיטגיין *צו גראָסמאַנען* גיב מיר נאָר עפּעס געלט.



### גראָסמאַן

*ליבלעך*

כ'וועל דיר געבן געלט, נאָר זעץ דיך אַ ביסל אַנידער, רו זיך אָפּ און נעם עפּעס אין מויל אַריין. *ער דערלאַנגט איר דאָס פּעקעלע פון טיש* נאַ, זעסט, כ'האָב דיר איינגעקויפט אַ גאַנצן פּאַקונעק מיטצובעמען: שאָקאָלאַד, קאַרמעלן, הערבאַטניקעס און טאָרט. יאָ, זיסע מאַנדלען האָב איך דיר אויך געקויפט. דו האָסט דאָך ליב ראָזשענקעס מיט מאַנדלען — ביסט דאָך אַ נאַשערקע.

### רעגינאַ

*זי נעמט דאָס פּעקעלע, רייסט דאָס אין גיכן אויף אין איין זייט, זי עסט טשעקאָלאַד און גיט אויך קלאַראַן*

גאַנץ גוט, אַלץ גוט, נאָר גיב מיר נאָר געלט.

### גראָסמאַן

*ער דערלאַנגט איר זיין בריוו-טאַש*

נעם דיר געלט, נאָר זאָג מיר כאָטש וואוהין דו איילסט זיך אַזוי.

### רעגינאַ

*ווינקענדיק צו קלאַראַן*

גלייב מיר, אַז דו וועסט נישט וויסן, וועט דיר זיין געזונטער, אמת קלאַראַ?

### קלאַראַ

*אין פאַרלעגנהייט*

כ'בעט דיך, עדות דיך נישט מיט מיר. איך גיי נישט מיט דיר מיט און איך ווייס גאָרנישט.

### רעגינאַ

*לאַכנדיק*

אוי, זע נאָר דעם נאַר! *זי נעמט אַרויס פון בריוו-טאַש געלט; צו קלאַראַן* נו, קום שוין, קום.

### קלאַרא

כ'וועל נישט גיין. כ'זאָג, אַז נישט, איז נישט, איך קאָן נישט.

### גראָסמאַן

צו קלאַראַן

גייען זי מיט איר מיט. טוען זי איר שוין צוליב.

### רעגינאַ

נישט קאָנענדיק סובל זיין, וואָס גראָסמאַן בעט פאַר איר

שוין, שוין, כ'בין דיר שוין מוחל, כ'וועל מיטנעמען רחלען, וועט זי וואַרטן אויף מיר פאַרן טויער.

### קלאַרא

אוי, טאַקע יאָ, נעם טאַקע מיט רחלען. זאָל זי וואַרטן אויף דער גאַס. ס'וועט דען לאַנג געדויערן?

### רעגינאַ

צען מינוט, דאָס אויך נישט. זי רופט רחל! רחל!

רחל קומט אַריין

### רעגינאַ

וועסט מיט מיר מיטגיין. איך דאַרף דאָ אַרויפגיין צו אַ... אַ... אַ מאָדיסטקע, דאָ אויף דער גאַס.

רחל גייט אַפּ

### גראָסמאַן

מיט ליבשאַפט

זע נאָר, וואָסער קינד דו ביסט; אַז דו גייסט צו אַ מאָדיסטקע, דאַרפסטו דיך פאַר מיר היטן? איך האָב דיר דען, חס ושלום, אַמאָל נאָך געזאָגט, פאַרוואָס דו מאַכסט דיר, צי פאַרוואָס דו קויפסט דיר?



### רעגינאַ

לאַכנדיק

לאָז מיך שוין אָפּ מיט דיינע ציקערדיקע רייד צו קלאַראַן וואַרט דאָ, כ'קום שוין אַרויף, וועלן מיר פאָרן.

זי גייט אין געאייל אַפּ

### גראָסמאַן

מיינע מאַכט זיך שוין ווידער, זע איך, אַ היטעלע. מיט פרייד אַזאַ רייכע נשמה, ווי זי האָט, איז אַ זעלטנהייט. זי האָט געדאַרפט איינשטיין בײַ כ'ווייס נישט וועמען. נאָך אַ פּויזע איך מוז איהן זאָגן דעם גאַנצן אמת: איך האָב גאַנץ ליב, אַז אַ פרוי פוצט זיך און רעגינאַ, זי האָט עפּעס גאָר אַ באַזונדערע, כ'קאָן זאָגן, אַ געבוירענע אייגנשאַפט זיך צו פוצן און צו צירן.

### קלאַרא

יאָ, אוודאי דאַרף זיך אַ פרוי שיין, מאָדיש און מיט געשמאַק קליידן. איך אַליין האַלט אויך דערפון, נאָר צופיל איבערגעריסן האָב איך נישט ליב.

### גראָסמאַן

אויפגעלייגט

נו, זי זאָלן דאָס נישט זאָגן. דאָס ווענדט זיך אַלץ אין דער נאַטור פון מענטש. ס'איז בײַ מאַנסלייט אויך דאָס אייגענע. איהנס נאַטאַן, צום ביישפיל, האָט זיך אויך ליב צו פוצן און איך דאַקעגן בין שוין אין די זאַכן אַ בטלן, ס'ווענדט זיך אַלץ אין דער נאַטור פון מענטש.

### קלאַרא

נאַטאַן פוצט זיך טאַקע אויך צופיל. נאָך אַ ווײַלע טראַכטן איך געדענק נישט, צי איך האָב דאָס געהערט אָדער ערגעץ געלייענט, אַז פאַרליבטע האָבן זיך ליב צו פוצן.

**גראָסמאַן**

*לאַכנדיק*

אויב אַזוי, מעגן זי דאָך טאַקע אייפערזיכטיק זיין אויף איהנס נאַטאַנען.

**קלאַרא**

*אויך מיט געלעכטער*

אַז איינער האָט אַ געהאָנגענעם אין דער משפחה, טאָר מען אים נישט זאָגן: הענג מיר אויף דעם ראָק. איהנס רעגינאַ פּוצט זיך דאָך אויך.

**גראָסמאַן**

אַלץ יאָ, נאָר דאָס נישט. וואָס מען וועט מיר דערציילן אויף רעגינאַן וועל איך גלייבן, נאָר אַז זי האָט אַ געליבטן — דאָס שוין נישט. איך קאָן זי צו־גוט, אַז איך זאָל זיין אויף איר אייפערזיכטיק.

**קלאַרא**

איך קאָן נאַטאַנען אויך גוט.

**גראָסמאַן**

ניין, פֿאַר אים, זעען זי, וועל איך שוין נישט שווערן.

**קלאַרא**

*זי שטעלט זיך פּלוצלינג אויף און גייט צו צו גראָסמאַנען*

רעגינאַ זאָל איהן אַזוי בשלום איבערקומען, ווי זי זאָלן מיר זאָגן וואָס זי ווייסן פון נאַטאַנען.

**גראָסמאַן**

*דערשראָקן*

וואָס ווייס איך? וואָס רעדן זי? מ׳קאָן דאָך דורך איהן זיין אומ־



גליקלעך. איך האָב דען, חס ושלום, עפּעס געזאָגט וועגן נאַטאַנען? איך האָב נאָר געזאָגט, אַז כ׳קאָן פֿאַר אים נישט שווערן. איך גיי עפּעס מיט אים מיט? וואָס הייסט זי באַשווערן מיך?

**קלאַרא**

*זי גייט געלאַסן פֿאַרטראַכט צוריק און זעצט זיך אויפֿן פֿריערדיקן פּלאַץ*

**גראָסמאַן**

*אין אַ ווײַלע אַרום*

ווי איך זע, קלאַרא, זענען זי טאַקע, נעבעך, יאָ אייפערזיכטיק און גאָר אין אַ שפּאָרער דאָזע, אָוואַ!

**קלאַרא**

פונדעסטוועגן דאַרפן זי אויך נישט זיין אַזוי זיכער.

**גראָסמאַן**

איך האָב דאָך איהן שוין געזאָגט: אַלץ וועל איך גלייבן אויף רעגינאַן, אַז זי איז אַ הולטייקע, אַ נאַשערין, אַן אויסבערענגערין, אַ פֿאַרשווענדערין און וואָס נאָר זי ווילן, נאָר אַז זי האָט אַ געליבטן, דאָס נישט. יאָ, עס זענען דאָ אַזעלכע, וואָס פּוצן זיך צו איר און לויפן איר נאָך — דאָס ווייס איך אַליין אויך, און איך וואונדער זיך גאָרנישט אויך, זי איז דאָך באמת שיין, ווי אַ ליאַלקע, נאָר פון די אַלע ווייס איך. יעצט, די אייגענע וואָך, איידער זי איז אַרויסגעפאָרן אין פענסיאָנאַט אַריין, האָט איר אַ פּאָסלאַניעץ געבראַכט אין שטוב אַריין דעם בוקעט *ער ווייזט אויף דער פּיצנינע* דאָס האָט איר טאַקע אַ פּאַצעט געשיקט. נו, ווייס איך דערפון נישט?

**קלאַרא**

פונוואַנען ווייסן זי, זי זענען דען דערביי געווען?

ראָסמאַן

וואָס הייסט: איך בין דערבײַ געווען? — אַז כ'וואָלט דערבײַ געווען, איז דאָך קיין קונץ נישט, וואָס איך ווייס. איך דערצייל דאָך איהן, עבֿען, דאָס, אַז איך בין נישט דערבײַ געווען, נאָר ווי־גיך איך האָבֿ די שוועל איבֿערגעטרעטן, האָט זי מיר באַלד אַליין דער־ציילט. כ'וועל איהן נאָך בעסער זאָגן: דער פּאָסלאַניעץ האָט מיט־געבֿרענגט אויך אַ קאַרטל, אויף וועלכן ס'איז געווען אויפֿגע־שריבֿן: „איך ערוואַרטע איהן מאָרגן צווישן 8 און 9 אין דער צוקערניע „זשעמיאַנסקי". איך האָף, אַז זי וועלן מיך באַגליקן און קומען".

קלאַרא

מיט אַן אײַנגעהאַלטן געלעכטער

און דאָס קאַרטל האָבֿן זי אויך געזעען?

גראָסמאַן

צופֿרידן

ניין, הערן זי זשע, האָט זי גענומען און אויפֿגעשריבֿן אויף דער צווייטער זייט: „אומזאָנסט, נעבעך, אײַער וואַרטן". און זי האָט דאָס צוריק אָפּגעגעבֿן דעם פּאָסלאַניעץ. ער האָט דאָך געוואַרט אויף ענטפֿער.

קלאַרא

לאַכנדיק שטאַרק

און דעם בוקעט האָט זי זיך איבֿערגעלאָזט. אוי, ס'איז דאָך נישטאָ ווער ס'זאָל לאַכן.

זי לאַכט שטאַרק

גראָסמאַן

מיטלאַכנדיק

איך האָבֿ איר טאַקע געזאָגט: האָסט דעם בוקעט אויך געדאַרפֿט



צוריקשיקן. מאַכט זי צו מיר: זײַן פֿרײַערקע וועל איך זײַן? כ'גײ שוין אַזאַ שײנעם בוקעט צוריקשיקן.

ער לאַכט שטאַרק

קלאַרא

וויגנדיק זיך פֿאַר געלעכטער

אַזוי, האָט זי דעם בוקעט יאָ צוגענומען. אוי, מײַנע זײַטן!

זי לאַכט אָן אויפֿהער

גראָסמאַן

מיטלאַכנדיק

שפּילט זיך מיט די שטיפֿערקע. יענער האָט, נעבעך, געהאַט אַ גוטע בראָך אין די בײנער.

ער שטעלט זיך אויף און לאַכט, בײגנדיק זיך אין דרײען

קלאַרא

זי נעמט אַרויס אַ טיכל פֿון דאַמען־טאַש און ווישט די טרערן פֿון געלעכטער

אוי, כ'האָבֿ דאָך שוין קיין כּוח נישט צו לאַכן. איך געדענק שוין נישט די צײַט, כ'זאָל אַזוי פֿיל לאַכן, ווי יעצט.

גראָסמאַן

שטיקנדיק זיך פֿאַר געלעכטער

ס'איז דען נישט קיין געלעכטער? ווען איך דערמאַן זיך אין דעם אומגליקלעכן פּאַצעט כאַפּט מיך אָן אַ געלעכטער, אַז כ'מײן — איך שטאַרבֿ.

ס'הערט זיך דאָס קלינגען פֿון טיר־גלעקל

גראָסמאַן אײַלט לאַכנדיק צו דער טיר. קלאַרא לאַכט און ווישט מיט דעם טיכל די אויגן. באַלד קומט גראָסמאַן צוריק און נאָך איִם נאַטאַן

נאטאן

האט איר געהערט, חברה, עפעס צווישן אייך ביידע מוז נישט זיין גלאטיק. ער זעצט זיך זע נאר, ווי ביידע זענען זיי זיך דא געבליבן אליין און מען לאכט און מען פרייט זיך אויף וואס די וועלט שטייט.

גראסמאן

שאדט נישט, ראמאנסירן איז היינט א מאדערנע זאך, אמת, קלארא?

קלארא

אזוי ווי מיר ראמאנסירן, איז נישט מאדערן, אנדערע ווייסן די קונץ בעסער.

נאטאן

אדרבה, לאמיר הערן, ווי אזוי איר ראמאנסירט.

קלארא

אויסשיסנדיק מיט א פריש געלעכטער

מיס—ט—ט א בוקעט! אט מיט דעם בוקעט ראמאנסירן מיר

זי ווייזט אויף דעם בוקעט און לאכט. גראסמאן לאכט מיט

נאטאן

נישט פארשטייענדיק

מיט דעם בוקעט? דעם אייגענעם בוקעט האב איך דאך אויך.

קלארא ווינט זיך אויף דער שטול פאר געלעכטער אזוי, אז זי

וויל רעדן, נאר זי קען נישט

נאטאן

צו קלאראן

ניין, באמת, איך פארשטיי נישט, וואס לאכסטו? דו האסט דאך נעקויפט דעם זעלבן בוקעט צוזאמען מיט רעגינאן.

גראסמאן

צו קלאראן

אזוי, האט מיך מיינע, הייסט עס, געפירט אין באד אריין. יעצט פארשטיי איך שוין, וואס זי לאכן אזוי פיל.

קלארא

לאכנדיק ביז וויטיק

אוי, איך פאל אריין אין א שטעכעניש. אוי, אוי, צו נאטאנען נאך וואס האסטו אים אויסגעזאגט? רעגינא האט דאך אים איינגערעדט, אז א פאצעט האט איר געשיקט דעם בוקעט מיט א גאנצע ליבעס-דערקלערונג.

זי לאכט

נאטאן

מיט א געמאכט געלעכטער

כא-כא-כא! און ער האט געגלייבט, אז ס'איז אמת? אוי, א גראשן א בילעט, ווי כ בין א ייד געבוירן!

גראסמאן

געפלעפט

שאטס, מאכט נישט פון מיר אזוי דאס געלעכטער, נישט — איז נישט.

נאטאן

נו, זיי נישט אזוי אנטוישט, אלע ווייבער מאכן אזעלכע קונצן. דיינע איז נישט די איינציקע, שאדט נישט.

גראסמאן

ער זעצט זיך

גלייב מיר, אז דווקא איך קאן מיך אויסגעצייכנט אויף זייערע

שמד-שטיקלעך, נאָר דאָס מאָל מיטן בוקעט אין מיר גאָרנישט איינגעפֿאַלן.

ער זיצט באַטריבט

**ק לאַ ר אַ**

נו, וואָס? זע נאָר. ס'לוינט זיך גאָרנישט צו רעדן דערוועגן.

זי לאַכט נישט ווילנדיק

**נ אַ ט אַ ן**

אוודאי.

**ג ר אָ ס מ אַ ן**

פֿו קלאַראַן

כ'וועל איהן זאָגן אַזוי פֿיל: אַז מען וויל — איז טאַקע נישטאָ פֿון וואָס צו רעדן, און צוריקגעשמועסט, איז דווקא אָט וועגן דעם נאַרישקייט דאָ אַ סך און אַ סך צו רעדן, פֿיל מער, ווי זי מיינען.

**נ אַ ט אַ ן**

נאָכהאַמענדיק

„אַ סך צו רעדן", „אַ סך צו רעדן". ער האָט ליב פֿון יעדער לאָבזע צו מאַכן אַ גאַנצע פֿילאָזאָפֿיע. וואָס איז דאָ דאָ „אַ סך צו רעדן"?

**ג ר אָ ס מ אַ ן**

מיט גרויס געלאַסנקייט

הער, אָט אין דעם נאַרישקייט מיטן בוקעט, ליגט דער גאַנצער כאַראַקטער פֿון דער מאָדערנער פֿרוי. דו מעגסט אפילו פֿון מיר לאַכן און זאָגן, אַז דאָס איז פֿילאָזאָפֿיע, איך זע אָבער דערין ווירקלעך אַזאַ טאַט, וואָס אַ פֿרוי פֿון דער עלטער וועלט וואָלט אויף קיין פֿאַל נישט פֿעיק געווען אויף אים.



**ק לאַ ר אַ**

דאָס איז אמת. מיין מאַמעשי, זאָל געזונט זיין, איז דאָך אויך נישט פֿון די גאָר אַלטע, נו, וועט זי, חס ושלום, דעם טאַטעשי אָפּנאַרן אויף די מינדסטע זאַך?

**ג ר אָ ס מ אַ ן**

מייזנדיק אויף נאַטאַנען

ער מאַכט דאָך דערפֿון אַ געלעכטער. נאָר איך זאָג איהן, אַז דאָס איז אַ כאַראַקטער-שטריך פֿון דער מאָדערנער פֿרוי נאָך אַ ווײַלע פֿאַרטראַכט זיין זעען זי, איך גיי נאָך ווייטער אַוועק: איך וועל איהן חייזן, אַז אָט אין דעם נאַרישקייט ליגט אַלץ-מיט-אַזאַמען. מען נאַרט אָפּ דעם מאַן. צוליב וואָס? — כדי אים מער צו רייצן און אים אייפֿערזיכטיק צו מאַכן. גוט. אָבער דורך דעם אָפּנאַרן אויף אַ געלעכטער, לערנט מען זיך אויס אים צו נאַרן אויך אויפֿן רעכטן אמת. מיט דעם, וואָס די פֿרוי באַמערקט, אַז דער מאַן לאָזט זיך אָפּנאַרן, ווערט ער אין אירע אויגן נישטיק, שעלמיש און נאַריש, — און קוים קומט דער מאַן שוין אין אירע אויגן צו דער מדרגה — דעמאָלט שטייט שוין דאָס היינטיקע מאָדערנע ווייבעלע, דאָס גן-עדן-באַשעפֿעניש‌ל, מיט ביידע פֿיסלעך אויף אים. דעמאָלט פֿאַרלירט זי שוין גאָר דעם קאָפּ און זייער פֿאַמיליען-לעבן לויפֿט שוין דאַן ראָש באַרג-אַראָפּ.

**נ אַ ט אַ ן**

צו קלאַראַן

מיין נישט, אַ ביסל גערעכט איז ער.

**ק לאַ ר אַ**

נו, פֿאַלאָזשעם, ס'פֿעלט די היינטיקע יונגעלייטלעך אויך נישט.

זי בליקט בשעת מעשה אויף נאַטאַנען

**ג ר אָ ס מ אַ ן**

כ'זאָג נישט, אַז נישט. איך קאָן איהן נאָר פֿאַרזיכערן מיט מיין אַלעם

היייליקן, אַז איך ווייס נישט פון די אַלע מאָדערנע שטיקלעך. בײַ מיר איז „פּראָסטאַ ז'מאָסטו".

קלאַרא

ניין, באמת, דאָס מעג מען גראָסמאַנען זאָגן אין די אויגן אַריין, אַז אַזאַ איבערגעגעבענער מאַן, ווי ער איז, איז צווישן די היינטוועלטיקע אַ זעלטנהייט.

נאַטאַן

און ווי איך?

קלאַרא

דו ביסט מיר גאָר אַ מציאה.

נאַטאַן

צו גראָסמאַנען, מיט געלעכטער

האַ! זעסט, דאָס זאָגט זי אויך כּדי מיך צו רייצן.

גראָסמאַן

ניין, דיין ווייב האַלט איך נישט פאַר אַזעלכע. זעסט דאָך, דיין ווייב איז געקומען און געזאָגט: „כ'האָב געקויפט דעם בוקעט".

ס'הערט זיך אַ שטאַרק און לאַנג קלינגען פון טיר-גלעקל

גראָסמאַן

אויפשפרינגענדיק

שוין, שוין, לייגט שוין אַוועק דעם שמועס.

ער איילט שנעל עפענען

קלאַרא

מיט פאַרדיכט צו נאַטאַנען

אוי, ווען ער זאָל וויסן, ז'איז דאָך יעצט געווען בײַ דער אַקושערקע.



נאַטאַן

צעשטרייט

נאָכוואָס?

קלאַרא

אין געאייל

פאַרשטייסט נישט? זי וויל דאָך נישט האָבן קיין קינדער. זי קוקט צו דער טיר וואו איז ער? עפּעס זוימט ער זיך.

זי גייט אין קיך אַריין. נאַטאַן גייט נאָך

קלאַרא

זי לויפט באַלד צוריק

זע נאָר, ר'איז דאָך נישטאָ. די טיר שטייט אָפן, ר'האָט געמוזט אַראָפּלויפן זי ברעכט זיך די פינגער ווער ווייסט, גאָט דער לעבעדיקער ווייסט!

זי לויפט אַרויס. נאַטאַן לויפט אַ צעטראָגענער נאָך איר.

די בינע בלייבט עטלעכע מינוט ליידיק.

ס'קומען אַריין גראָסמאַן און קלאַרא, פירנדיק הינטער די הענט רעגינאַן. נאָך זיי קומען אַריין — נאַטאַן און רחל. רעגינאַ איז בלאַס און גייט מיט שמאָלע טריט, קורטשענדיק זיך פאַר ווייטיק. גראָסמאַן און קלאַרא זעצן זי געלאַסן אַנידער אויף אַ שטול. זי טוט אויס דעם הוט. ס'איז קענטיק אויף איר געזיכט, אַז זי האָט שטאַרקע שמערצן

גראָסמאַן

צו רחלען מיט געאייל

וואָס? וואָס איז געשען? אוי, וואָס איז געווען מיט דער מאַדאַם? זאָג, דו ביסט דאָך מיטגעווען.

רחל

מיט א צעשראקן געזיכט

כ'ווייס נישט. וואס ווייס איך? די מאדאם איז ארויפגעגאנגען צו דער מאדיסטקע און ז'איז באלד אראפגעקומען.

גראסמאן

נו, פלוצלינג, פון דער העלער הויט, ווי איז מיר! ער לויפט צו צו רעגינען רעגינעשי, זאג מיר, וואס איז דיר? אפשר א דאקטאר? מיט א פארקרומט פנים צום וויינען אוי, כ'ווייס נישט, וואס מען הייבט אן. איך בעט מיך בא איר, ווי בא א גזלן: לויף נישט אזוי און זי — דווקא, זי רוט קיין עין הרע, נישט איין מינוט, אראפ פון פערטן שטאק, ארויף אויפן פערטן שטאק, ארויף און אראפ, אראפ און ארויף. אוי ווי! אוי ווי!

רעגינא

מיט שמערץ אין דער שטימע

שווייג שוין אמאל, יידענע!

קלארא

צו גראסמאנען

נו, שא, וואויוועט זי נישט אזוי, גאט וועט העלפן, ז'האט זיך אוודאי א ביסל פארושעט, ס'טרעפט זיך אמאל, גאט וועט העלפן.

זי ווינקט צו נאטאנען, ווי איינער זאגט: „יא, מארגן נאך ניינע".

נאטאן שטייט צעטראגן

גראסמאן

מיט גרויס ערנסט

הלוואי, דער אייבערשטער זאל מיר טאקע העלפן. צובייגנדיק זיך צו רעגינען רעגינעשי, ווי פילסטו זיך איצטער?

רעגינע שווייגט, צווהאלטנדיק מיט ביידע הענט דעם בויך



רחל

אפשר מאכן די מאדאם א ווארעם שטארצל?

גראסמאן

אפשר טאקע?

קלארא

גייטס שוין, גייטס, נאראנים.

זי לאכט

גראסמאן

בליקנדיק צו רעגינען

וואס זשע דען טוט מען?

ער גייט איבער דער שטוב הין און צוריק

רעגינא

צעווייטיקט

שטיי איין! דו לעכערסט מיר דעם קאפ!

גראסמאן בלייבט מאמענטאל שטיין, ווי צוגעשמידט צום ארט

רעגינא

צו קלארען, הייבנדיק זיך פון שטול

כ'וועל אריינגיין, כ'מוז מיך לייגן אין בעט אריין.

גראסמאן איילט שנעל און נעמט אן רעגינען אונטערן ארעם, קלארא באם צווייטן און זיי פירן זי ארײַן זייער פארזיכטיק אין שלאף-צימער ארײַן. נאטאן גייט הין און צוריק. רחל גייט אפ אין קיך ארײַן

קלארא

זי קומט ארויס, גייט צו צו נאטאנען און זאגט אים פארזיכטיק

ב'האב מורא, אז זי האט זיך געמאכט א שיינע חתונה. בא די זאכן:

גערעדט עס, גערעדט עס, טאַמער נישט — איז מען איינגעשלאָפֿן מיטן לעבן.

נאַטאַן

באַטריבט

וואָס מאַכט זי יעצט?

קלאַראַ

יסורים, שמערצן, ד'האָט שטאַרקע שמערצן.

נאַטאַן

נאָך אַ ווײַלע פאַרטראַכט זײַן

כ'גיי אַראָפּ.

ער גייט אָפּ

קלאַראַ גייט אין שלאָף-צימער אַרײַן. די בינע בלײַבט עטלעכע סעקונדן ליידיק. גראָסמאַן קומט אַרויס פון שלאָף-צימער, בלײַבנדיק שטיין בײַ דער טיר, וואַרטנדיק, אַז קלאַראַ זאָל באַמערקן. ווי ער ווינקט צו איר און רופט זי מיטן ווײַז-פינגער. ענדלעך קומט קלאַראַ אַרויס

גראָסמאַן

אָפּזיפצנדיק

נו, וואָס טוט מען? איך רעכן, הערן זי, זיך גאַרנישט צו מאַכן וויסן און אַראָפּצולויפן צום דאָקטאָר, דאָ, אויף דעם הויף, ס'איז יעצט פונקט די וויזיט-צײַט.

קלאַראַ

ניין, ניין, חס ושלום! איך האָב זי שוין געפרעגט, האָט זי מיך נעוואָלט אײַנשלינגען.



גראָסמאַן

פאַרצווייפלט

נאָר אַזוי — אָ, אַזוי!

קלאַראַ

נילא, מ'מוז וואַרטן, ס'וועט איר בעסער ווערן.

פון שלאָף-צימער הערט זיך רעגינאַס שטימע: קלאַראַ! קלאַראַ!

קלאַראַ אײַלט שנעל צו רעגינאַן. גראָסמאַן גייט הין און צוריק, קלאַמערנדיק זיך די פינגער

קלאַראַ

זי לויפט אַרויס ראַש פון שלאָף-צימער

פאַניע גראָסמאַן, שנעל, נאָך אַ דאָקטאָר, שנעל!

זי פאַרשווינדט צוריק אין שלאָף-צימער

גראָסמאַן טוט אַ ווילדן קרעכץ „וויי“! און מיט איין שפרינג פאַרלאָזט ער דאָס צימער

רחל קומט אַרײַן פון קיך

קלאַראַ

זי קומט אַרויס און רעדט גערוועז

גרייט שנעל צו אַ ריינע שיסל, אַ קלאָר האַנטוך און זע ס'זאָל זײַן וואַרעם וואַסער, הערסט!

זי גייט אין שלאָף-צימער

רחל אײַלט אין קיך אַרײַן און קומט באַלד צוריק מיט אַ גרויסער שיסל, זי עפנט די שאַנק, נעמט פון דאָרט אַ האַנטוך און גייט דערמיט צו ביז דער טיר פון שלאָף-צימער, קלאַראַ נעמט דאָס בײַ איר צו. רחל גייט אָפּ אין קיך אַרײַן

ס'עפֿנט זיך האַסטיק די טיר אויף, ס'גייט אַרײַן דער דאָקטאָר.

ער איז פֿלט אַ יאָר עטלעכע פֿערציק, אַ ראַזירט געזיכט מיט שוואַרץ-גרויע וואָנסעס. ער טוט אויס דעם הוט, לייגט אים אויפֿן טיש. זײַנע האָר פֿון קאָפּ זענען נידעריק געשוירן, לעבן יעדע שוואַרצע האָר געפֿינט זיך איינע אַ ווײַסע. ער גייט אַרײַן אין שלאָף-צימער. גראָסמאַן גייט אים נאָך

קלאַראַ

פֿרויסשטעקנדיק דעם קאָפּ און אַ האַנט, אָפּהאַלטנדיק גראָסמאַנען

נאַניע גראָסמאַן, רעגינאַ וויל פֿישט זי זאָלן יעצט אַרײַנגיין.

איר קאָפּ און האַנט פֿאַרשווינדן אין שלאָף-צימער און די טיר פֿאַרמאַכט זיך. גראָסמאַן שטייט עטלעכע סעקונדן הינטער דער פֿאַרמאַכטער טיר. דאַן גייט ער אומגעדולדיק הין און צוריק, בלײַבנ-דיק יעדעס מאָל אַ סעקונדע, צוויי שטיין הינטער דער טיר

קלאַראַ

קומט אַרויס, רופֿנדיק

רחל, גיב אַרײַן וואַרעם וואַסער מיט זייף.

גראָסמאַן

ער לויפֿט צו צו קלאַראַן

נו, קלאַראַ, וואָס זאָגט ער, דער דאָקטאָר, האַ?

קלאַראַ

ער הייסט זי ליגן אין בעט.

גראָסמאַן

אָבער וואָס זאָגט ער, זי וועט אם ירצה השם, אויסטראָגן?

קלאַראַ

לאָזן זי מיך יעצט אָפּ מיט אײַערע קשיות.

רחל ברענגט אַרײַן אַ טשײַניק און זייף, קלאַראַ נעמט דאָס צו.

זי גייט אין שלאָף-צימער אַרײַן, פֿאַרמאַכנדיק די טיר הינטער זיך

גראָסמאַן

צו רחלען

ביסט מיטגעגאַנגען און דו ווייסט גאָרנישט?

רחל

דער הער רעדט עפּעס אַזוי. וואָס זאָל איך וויסן? די מאַדאַם איז אַרויפֿגעגאַנגען צו דער מאָדיסטקע און זי איז באַלד אַראָפּגעקומען, נאָר דאָ, אַרויפֿגייענדיק אויף די שטיגן, אויפֿן צווייטן שטאָק, איז זי געבליבן שטיין און זי האָט נישט געקאָנט ווייטער גיין, בין איך אַרויפֿגעלאָפֿן נאָך דעם הער, ווייטער. וואָס ווייס איך?

גראָסמאַן

שפּרײַזנדיק אין פֿאַרלעגנהייט הין און צוריק

כ'ווייס? אפֿשר האָבן איר נאָר די סאַלאַטן בײַם מיטאָג געשאַדט, אַז זי כאַפּט זיך צו צו די סאַלאַטן מיטן עסיק איז דאָך זי גאָרנישט אָפּצוריסן. כ'ווייס, אפֿשר דאָס. ווער קאָן וויסן?

ס'עפֿנט זיך די טיר פֿון שלאָף-צימער און ס'קומט אַרויס דער דאָקטאָר, ווישנדיק זיך די הענט אין האַנטוך. רחל גייט אָפּ אין קיך אַרײַן. גראָסמאַן כאַפּט אַרויס דעם בריוו-טאַש, נעמט אַרויס פֿון דאָרט עטלעכע באַנקנאָטן און לייגט אַוועק אויפֿן טיש לעבן דאָקטאָר. דער דאָקטאָר שטייט, ווישט לאַנג די הענט און בליקט בשעת מעשה אויף גראָסמאַנען, שאָקלענדיק מיט באַדויערן לײַכט מיטן קאָפּ

גראָסמאַן

ווי אַרויסשטאַמלענדיק

הער דאָקטאָר, וואָס מאַכט זי, מײַן פֿרוי?

דאָקטאָר

מיט אַ רויִקן טאָן, חישנדיק דערביי די הענט

װיפֿיל קינדער האָט איר?

גראָסמאַן

פֿאַרוואונדערט

אוי, מען האָט גאָרנישט דעם דאָקטאָר געזאָגט, אַז דאָס איז אַן ערשטלינג?

דאָקטאָר

װאָס מען האָט מיר געהאַט צו זאָגן, האָט מען מיר געזאָגט, איך פֿרעג דאָך אָבער אײַך.

גראָסמאַן

צעטראָגן

װאָס הייסט, וויפֿיל, נאָך גאָרנישט, גאָרנישט, הער דאָקטאָר.

דאָקטאָר

איך פֿאַרשטיי, איך פֿאַרשטיי אויסגעצייכנט, איר זענט אַ היינט־וועלטיקער.

גראָסמאַן

צעטומלט

װאָס הייסט?

דאָקטאָר

איר זענט קענען קינדער האָבן.

גראָסמאַן

צעשטרייט

יאָ, ניין, איך בין, הער דאָקטאָר, קענען אַ סך קינדער האָבן, אָבער קינדער האָבן וויל איך.

דאָקטאָר

אויפֿקלײַבנדיק רויִק דאָס האַנטוך און אַרײַנלייגנדיק דאָס בעלט אין בוזעם־טאַש אַרײַן

איך פֿאַרשטיי אײַך אויסגעצייכנט, איך פֿאַרשטיי, איר ווילט עפּעס נישט און איר ווילט עפּעס יאָ, איר ווייסט אַליין נישט, אַלנפֿאַלס — נישט יעצט, נאָך נישט היינט, שפּעטער אין יאָרן אַרום, אמת? — איך פֿאַרשטיי.

ער נעמט דעם הוט און בלײַבט נאָך שטיין

גראָסמאַן

צעמישט

הער דאָקטאָר, כ'וויל יעצט, יעצט.

דאָקטאָר

מיט רעגונג אין טאָן

איר ווילט יעצט און איר שיקט אײַער פֿרוי זי זאָל זיך אָפּטרייבן? מיר דערציילט איר דאָס, מיר?

גראָסמאַן

ער שרייט ווילד אויס

װאָס?!

ער כאַפּט זיך מיט איין האַנט אָן אָן דעם אָנלען פֿון שטול, בלײַבנדיק שטיין שטאַרק געבויגן

דאָקטאָר

זייט נישט אַזוי איבערגעשראָקן. איך וועל אײַך דערפֿאַר גאָרנישט טון, אײַער שטראָף האָט איר שוין באַקומען, איר האָט אומגעבראַכט אַ לעבן. גראָסמאַן בייגט זיך טיפֿער איין און אײַער פֿרוי איז געפּערלעך. פֿאַסט מוט און ברענגט אײַער פֿרוי פֿון דער געפֿאַר אַרויס, זי דאַרף גרויס רו און פֿלעגע.

### גראַסמאַן

פראַפּלאָזנדיק זיך אויף דער שטול, שרייט ער מיט פאַר־
צווייפלונג אויס

הער דאָקטאָר!

### קלאַראַ

קומט אַרויס פון שלאָף־צימער אויף די שפּיץ־פינגער
מאַכנדיק

ש—ש—ש—ש—ש.

דער דאָקטאָר וואַרפט אַ בייזן בליק אויף גראַסמאַנען און גייט
אויפגערעגט אַרויס

### גראַסמאַן

ער איילט נאָך נאָכן דאָקטאָר איינגעבויגן מיט ווילדע, בריטע
טריט. ציקומענדיק צו דער טיר אין קיך אַריין, בלייבט ער
שטיין, באַלד דרייט ער זיך צוריק אויס, בליקט זיך ווילד אַרום
און אויסמרימשענדיק — „זי האָט דאָס קינד דערהרגעט!!!“ ביילט
ער ביידע הענט הויך אין פויסטן אָן און לאָזט זיך מיט שטייפע
טריט צום שלאָף־צימער

### קלאַראַ

זי איילט דערשראָקן און פאַרשטעלט אים די טיר

פאַניע גראַסמאַן, גאָט איז מיט איהן! וואָס גייען זי טון? באַזינען
זי זיך, פאַניע גראַסמאַן!

### גראַסמאַן

ער שטייט אַ ווײַלע מיט די פויסטן אין דער לופטן שטיל, נאָר
באַלד טוט ער אַ טיף־פאַרקלעמטן וויין אַרויס

זי האָט דאָס קינד דערהרגעט! דאָס קינד!

און ווייגעדיק לאָזט ער זיך, ווי מיט אונטערגעהאַקטע קניען,
אויף דער ערד בײַ דער טיר אַראָפּ



### רחל

זי קומט אַריין און זעענדיק גראַסמאַנען אויף דר'ערד
ליגן און וויינען, נעמט זי דעם ברעג פון פאַרטוך צו די אויגן
און וויינט שטיל

דער פאָרהאַנג לאָזט זיך אַרונטער

## דריטער אקט

אין מיטן טאָג, אַלץ, ווי אין צווייטן אַקט.

גראָסמאַן זיצט בײַם טיש אין אַ טלית, פֿאַר אים ליגט אויפֿן טיש אַן אָפֿענער סידור און אַ פּאָר תּפֿילין מיט פֿונאַנדערגעוויקלטע רציעות. ער איז ווילד באַוואַקסן, בלייך, מיט גרויסע טונקעלע פֿלעקן אונטער די אויגן. ער זיצט גלייך, נישט באַוועגלעך און זאָגט פֿון סידור שטיל, באַוועגנדיק נערוועז־שנעל מיט די ליפּן, מיט אַן אויסדרוק, אַז ער האָט שטאַרק הנאה פֿון זאָגן.

רחל

זי קומט אַריין פֿון קיך, טראָגנדיק אויף אַ טאַץ אַ גלאָז קאַווע און זעמל מיט פּוטער, אַ מעסער און זאַלץ. זי גייט נישט דרייסט און שטעלט דאָס אַוועק אויפֿן טיש, זאָגנדיק:

זאָל דער העֶר באַלד עסן, די קאַווע וועט ווידער קאַלט ווערן.

גראָסמאַן

ער זאָגט ווײַטער מיט חשק, ווי ער וואָלט גאָר רחלען נישט באַמערקט, נאָר ווען רחל איז שוין בײַ דער טיר אַרויסצו־גיין, רופֿט ער

רחל! רחל! קום נאָר אַהער רחל גייט צוריק צום טיש דו ביסט דאָך אַ כּשר יידיש קינד, דײַן טאַטע איז דאָך אַ מלמד, אַן אָפּגעהיטע־



נער ייד, דאַרפֿסטו דאָך יאָ וויסן, אַז נישט דאָס עסן איז דער עיקר, — דער עיקר איז דאָך דאָס דאַוונען, פֿאַרשטייסט? אַז גאָט האָט באַשאַפֿן דעם מענטש, האָט ער אים דען באַשאַפֿן, כּדי ער זאָל עסן? ביסט אַ מיידל, אָבער פֿאַרשטאַנד האָסטו דאָך, דאָס קאָנסטו דאָך אפֿילו אויך פֿאַרשטיין, אַז גאָט האָט באַשאַפֿן דעם מענטש, כּדי דער מענטש זאָל דאַוונען, דאַוונען און לויבן אים, נאָר ווײַל דער מענטש איז דאָך אָבער פֿאָרט נישט מער, ווי אַ מענטש — אַ זינדיקער בשר ודם, מוז ער עסן, אָבער נאָך וואָס? — כּדי ער זאָל כּוח האָבן ווידער צו דאַוונען, דו פֿאַרשטייסט?

רחל

איך פֿאַרשטיי, איך פֿאַרשטיי, דער העֶר איז היינט, אויף נאמנות, בײַם רעכטן שכל נאָך אַ ווײַלע שווײַגן אַצינד איז שוין אָבער צײַט אײַ־בערצובײַסן, ס'איז דאָך שוין נאָך איינסע, אַנדערש־וואו גייט מען שוין באַלד עסן מיטאָג.

גראָסמאַן

מענטשן ליגן אין נאַרישקייטן. מענטשן זעען נישט, אַז די וועלט גייט אונטער, אַז ס'איז געקומען דער גרויסער יום־הדין. זיי זעען דאָס נישט און זיי פֿאַרשטייען דאָס נישט. ווען זיי וואָלטן דאָס געזען, וואָס איך זע, וואָלטן זיי אויך געדאַוונט, גאַנצע טעג און נעכט וואָלטן זיי, ווי איך, געדאַוונט און געבעטן. אָפּזיפֿצנדיק יאָ, יאָ, ס'איז געקומען דער סוף. נאָך אַ קלײנער פּויזע זעסט, ער ווײַזט אויפֿן דרויסן דורך דעם ברייטגעעפֿנטן באַלקאָן דאָס אַלץ וועט אונטערגיין, אונ־טערגיין און צונישט ווערן. ער רעדט נערוועז מיט פֿינקלענדיקע אויגן איך זע דאָס, איך ווייס דאָס גענוי, ווי מײַנע צען פֿינגער, פּונקט אַזוי קלאָר, ווי יעצט איז טאָג. אַ סוף! אַ סוף!

רחל

אָנטאַפּנדיק דאָס גלאָז קאַווע

אוי, די קאַווע ווערט דאָך שוין ווידער קאַלט, זאָל שוין דער העֶר עסן.

גראָסמאַן

*באַטריבט*

עסן, דו זאָגסט ווידער — עסן, ביסט אַ קינד, כ'קאָן מיט דיר נישט רעדן, דו דאַרפסט פון אַזעלכע זאַכן נאָך נישט וויסן, דו ווייסט נישט, פאַרוואָס מיין האַרץ איז צעריסן, פאַרוואָס מיין זון איז מיר אונטערגעגאַנגען אין מיטן העלן טאָג. *ער זיפצט* אוי, אוי, אוי, אַ סוף מיט אַלעם, אַן עק צו אַלעם. די וועלט גייט אונטער און מיין הויז איז פון די ערשטע, וואָס ווערן צעשטערט. גאָט! ער ווייסט מיין האַרץ, ער ווייסט מיינע געדאַנקען.

*ער הייבט ווידער אָן צו זאָגן פון סידור*

*רחל שטייט נאָך אַ ווײַלע פאַרטראַכט, ס'הערט זיך דאָס קלינגען פון טיר־גלעקל, און זי איילט עפענען, ס'קומט אַריין — קלאַרא*

קלאַרא

*אויפגעלייגט*

אַ גוט מאָרגן איהן, פאַניע גראָסמאַן!

גראָסמאַן

*ער הייבט נישט אויף די בליקן פון סידור, ער טוט נאָר בלויז, אַלס ענטפער, אַ שאָקל מיטן קאָפּ און אַ ווייז מיט דער האַנט, זי זאָל זיך זעצן. קלאַרא זעצט זיך, און ער זאָגט איצט נאָך שנעלער, ווי פריער, טייטלענדיק זיך מיט די פינגער שנעל איבער די שורות, מיט דעם אויסדרוק, אַז ער וויל צוזאָגן ביז אַן עפּוזץ. באַלד מאַכט ער טאַקע צו דעם סידור, זאָגנדיק:*

וואָס זאָגן זי עפּעס גוטס, קלאַראַ?

קלאַרא

*שמייכלענדיק*

איך זע, פאַניע גראָסמאַן, אַז זי פילן זיך שוין היינט, גאָט צו דאַנקען, בעסער און מונטערער. נו, גאָט צו דאַנקען, ס'טוט מיר באמת הנאה.



גראָסמאַן

יאָ, גאָט צו דאַנקען, איך דאַוון. זי זענען אַ פרוי, זי ווייסן נישט, וואָס דאַוונען הייסט, נאָר איך, איך זע היינט מיין גאַנצע טרייסט אין דאַוונען. אַז איך דאַוון, איז מיר גוט, נאָר, ווי גיך איך הער־אויף, אַזוי נאָגט מיך באַלד ווידער דער וואָרעם: פאַרוואָס? פאַר־וואָס, האָט זי, מיין נכפּהניצע, דאָס קינדעלע, דאָס ריינע, אומ־שולדיקע עופעלע געהרגעט? פאַרוואָס? *ער רעדט פאַרביטערט און גע־קלעמט* זאָגן זי מיר, קלאַרא, פאַרוואָס?

קלאַראַ

ע, פאַניע גראָסמאַן, זי הייבן מיר שוין ווידער אָן צו פאַרשאַפן עגמת נפש, האָב איך שוין באַלד חרטה, וואָס כ'בין צו איהן אַרויפ־געקומען.

גראָסמאַן

*זיפצנדיק טיף*

אוי, אוי, מיין פּיין האָט דאָך גאָר קיין גרענעץ נישט.

*ער רייסט אַרום מיט זיין רעכטער האַנט דעם קאָפּ און שפּאַ־ט מיט דער האַנט אים אין טיש אַן*

קלאַרא

*נאָך עטלעכע סעקונדן שווייגן*

מילא, ס'איז דאָך שוין פאַרפאַלן, פון יעצט אָן וועט שוין אַלץ אַנדערש זיין.

גראָסמאַן

*אויפהייבנדיק דעם קאָפּ פון טיש*

פאַרוואָס? פאַרוואָס? ווי האָט דאָס אַ מאַמע דאָס האַרץ אַן אייגן קינד צו הרגענען? אַן אייגן קינד, מיין קינד, מיין שוועלבעלע אוי־איך קאָן נישט לעבן! איך קאָן נישט!

## קלאַראַ

אַ מענטש טאָר אָבער נישט פאַרלירן די האָפנונג. גאָט וועט איהן נאָך העלפן, זי וועלן זעען, פאַניע גראָסמאַן. זי זעען דאָך. אַז אויב זי וועלן זיך אַזוי פירן, וועט אַלץ צום גרונט גיין. נאַטאַן קומט אויך באַלד אַרויף. ער קאָן, זאָגט ער, ווייטער אַזוי דאָס געשעפט נישט פירן, וואָס צוויי — איז נישט איינער. זי פעלן טאַקע אין געשעפט אויך. ס'מוז דאָך פאָרט אַמאָל אַן עק נעמען. שוין זעקס וואָכן, ווי זי שמעקן אפילו אין געשעפט נישט אַריין.

## גראָסמאַן

ער שטעלט זיך אויף און שפּרייזט איבערן צימער

גאָרנישט, גאָרנישט, איך דאַרף שוין קיין געשעפט נישט, איך דאַרף שוין גאָרנישט. זאָל אַלץ אונטערגיין, אַלץ, די וועלט גייט שוין סיי ווי סיי אונטער *ער שטעלט זיך אָפּ* איך זע באַשיינפּערלעך, ווי די וועלט גייט אונטער. זיי מיינען, אַז אַ וועלט גייט אונטער אין פאַרלויף פון אַ טאָג, אַ וואָך, אַ יאָר? — אַ וועלט-אונטערגאַנג געדויערט יאָרן, יאָרן און יאָרן. נישט זי ווערט געבויט מיט איינמאָל און נישט זי גייט אונטער מיט איינמאָל, נאָר איך, איך זע שוין, ווי זי גייט אונטער. איך ווייס דאָס. מיך האָט גאָט געשטראָפט צו זעען דאָס גרעסטע אומגליק - דעם וועלט-אונטערגאַנג.

## קלאַראַ

אַז זי וועלן מיר אַנטשולדיקן, פאַניע גראָסמאַן, וועל איך איהן זאָגן, אַז דאָס איז אַן איינרעדעניש. זי קומען אין גאַס נישט אַרויס און זי זעען נישט, אַז די וועלט איז יעצט פונקט די אייגענע, ווי זי איז געוועזן. גלייבן זי מיר, ס'איז דאָך געוועזן אַזאַ גרויזאַמע מלחמה, מער ווי זעקס יאָר, מיליאָנען מענטשן זענען דאָך אומגעקומען, דאָך, אסור, אויב ס'איז שוין יעצט צו דערקענען. ווער ס'איז געשטאָרבן — ליגט טיף באַגראָבן און ווער עס לעבט — לעבט און וויל טאַקע לעבן — אַלץ, ווי פריער.

## גראָסמאַן

איך זע נישט? איך זע שוין איינמאָל. איך זאָג איהן, אַז די גאַנצע



מלחמה מיט אַלע אירע קרבנות איז נאָר געווען אַ פאָרשפּיל צום וועלט-אונטערגאַנג. דער אמתער אונטערגאַנג הייבט זיך יעצט אָן. *ער רעדט מיט אַ העכערן טאָן* קוים איז שוין געקומען דערצו, אַז אַ מאַמע זאָל איר אייגן קינד אומברענגען בלויז דערפאַר, זי זאָל קאָנען בעסער איר מאָדע פירן, איז שוין אוממעגלעך, אַז די וועלט זאָל ווייטער עקזיסטירן, אוממעגלעך!

## קלאַראַ

נאָכאַמענדיק

די מאָדע פירן, די מאָדע פירן. זי קאָנען טאַקע גוט וויסן, וואָס די אורזאַכע איז געווען, פאַרוואָס רעגינאַ האָט דאָס געטון, מסתּמא האָט זי דאָס געמוזט טון.

## גראָסמאַן

לויפנדיק ווילד איבער דער שטוב הין און צוריק

אוי, מ'קאָן דאָך משוגע ווערן, משוגע קאָן מען דאָך ווערן, הערנדיק אַזעלכע ווערטער. געוואַלט! מענטשן, אַ מאַמע האָט איר קינד פון הינטערן האַרץ אָפּגעריסן און דאָס אומגעבּרענגט און מען וויל מיר נאָך איינרעדן, אַז זי האָט דאָס געמוזט טון, זי האָט געמוזט! געמוזט!

ער לויפט הין און צוריק ברעכנדיק זיך נערוועז די פינגער

## קלאַראַ

דערשראָקן

גאָט איז מיט איהן, פאַניע גראָסמאַן! באַרויקן זי זיך, באַרויקן זי זיך!

## גראָסמאַן

לויפנדיק ווילד איבערן צימער

ניין, ניין, איך קאָן מיך נישט באַרויקן און איך וויל זיך נישט באַרויקן. דאָס, וואָס ס'איז פאָרגעקומען בײַ מיר, קומט געוויס היינט

פאַר אין פיל, פיל אַנדערע הייזער. די צאַרטע, יונגע מאַמעס, די אײדעלע װײַבער. די, װעלכע חלשן, װען זײ זעען אַן עוף שחטן — די טויטן מיט די אײגענע הענט זײערע יונגע, אומשולדיקע קינ־דערלעך בלויז צוליב דעם צו קאָנען די פּאַריע טרײַבן. ניין, איך קאָן נישט, איך קאָן נישט, איך קאָן װײַטער נישט לעבן! איך װיל װײַטער נישט לעבן!

ער האַלט מיט בײדע הענט דעם קאָפּ צו און שטעלט זיך מיט די עלנבויגנס געשפּאַרט אין דעם טיש אָן

### קלאַראַ

נאָך עטלעכע סעקונדן

זי װײסן, פּאַניע גראָסמאַן, אַ מענטש טאָר גאָרנישט אַזוי פיל אַרײַנ־קלערן און אַרײַנטראַכטן. מען קאָן דאָך גלאַט, חס ושלום, פון קאָפּ קומען.

### גראָסמאַן

אויפהײבנדיק זיך מיט מידקײט פון טיש

דאָס הײסט אַרײַנקלערן? דאָס, װאָס ס'איז מיר אַלײן געשען אין מײַן שטוב, מיט מײַן פרוי און מיט מײַן אָרעם קינדעלע, הײסט — אַרײַנטראַכטן? איך קאָן דאָך דאָס אויף אײן סעקונדע נישט פאַר־געסן. איך זע דאָך, אַז דאָס אומגליק איז ערגער, װי טויזנטער מלחמות צוזאַמען. דאָס איז דאָך שוין דער װעלט־אונטערגאַנג, דער סוף צו אַלעם. װאָרים, אַז אַ מוטער האָט שוין קײן רחמנות נישט אויף איר אײגן אומשולדיק קינדעלע, װאָס האָט נאָך נישט באַװיזן אפילו אײן בליק אויף גאָטס ליכטיקע װעלט צו געבן — איז שוין נאָך אַלעם; שוין, קאָן שוין די װעלט קײן קיום נישט האָבן.

### קלאַראַ

איך זאָג אײַך אָבער נאָכאַמאָל, פּאַניע גראָסמאַן, אַז רעגינאַ האָט דאָס געטון צוליב עפּעס אַן אורזאַכע, װאָס זי האָט דאָס גע־מוזט טון.



### גראָסמאַן

מיט נערװעזן חוזק

אַן אורזאַכע, אַן אורזאַכע, נו, זאָגן זי מיר די אורזאַכע, כ'װיל, כ'װיל הערן די אורזאַכע צוליב װעלכער אַ מאַמע זאָל מוזן איר אײגן קינד אומברענגען.

### קלאַראַ

איך װײס נישט, נאָר רעגינאַ האָט מיר געזאָגט, אַז זי האָט דאָס געמוזט טון, נאָך בעסער, זי האָט זיך פאַר מיר געשװאוירן, אַז װען זי זאָלן װיסן די אורזאַכע, װאָלטן זי אַלײן זי געהײסן דאָס טון,

### גראָסמאַן

װילד

איך?! זי שווערט, אַז איך װאָלט געהײסן, זי שװערט! נו, זאָגן זי אַלײן, קאָן מען איר עפּעס גלײבן? האָבן עפּעס אַ װערט אירע רײד און אירע שבועות?

### קלאַראַ

מילא, זי װעט דאָך באַלד קומען, װעלן זי זי פרעגן.

### גראָסמאַן

פאַרװאונדערט

װער? רעגינאַ װעט באַלד קומען?

### קלאַראַ

יאָ, רעגינאַ.

### גראָסמאַן

נאָך עטלעכע סעקונדן טראַכטן

נאָך װאָס װעט זי קומען? זי איז דאָך פון מיר אַנטלאָפן. שוין

פיר וואָכן, וואָס זי איז צו אירע עלטערן אַוועק. נאָך וואָס וועט זי קומען ?

## קלאַרא

זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי וויל אַן עק מאַכן. זי קאָן אַזוי ווייטער נישט לעבן,

## גראָסמאַן

מיט אַ רויקן טאָן

אוודאי, אוודאי, זאָל זי קומען, זאָל זי אַן עק מאַכן. איך דאַרף שוין היינט גאָרנישט. איך וויל שוין היינט גאָרנישט.

## קלאַרא

ניין, פאַניע גראָסמאַן, איהנס רייד געפעלן מיר גאָרנישט. וואָס הייסט, זי דאַרפן שוין גאָרנישט ? גייען זי שוין, מאַכן זי זיך נישט נאַריש און מאַכן זי נישט קיין לייטישע געלעכטערס. מען בעט זיך צוריק איבער און שוין. שמייכלענדיק אים אין די אויגן אריין מיר וועלן זי דאָך נישט איינרעדן, איך ווייס דאָך, אַז זי האָבן נאָך היינט, נאָך אַלעם, אויך ליב רעגינאַן, וואָס זשע טויגן איהן די אַלע רייד,

## גראָסמאַן

צי כ'האָב זי יאָ ליב, צי כ'האָב זי נישט ליב, דאָס קאָן איך איהן נישט זאָגן, דאָס ליגט אָט — אָ — דאָ — אָ ער ווייזט אויפן הארץ נאָר איך, איך דאַרף שוין גאָרנישט, מיין וועלט איז שוין אונטער-געגאַנגען,

## קלאַרא

נאָכאמענד ק

אונטערגעגאַנגען, אונטערגעגאַנגען. זי וועלן זעען. זי וועט קומען, רע-גינאַ, זי וועט איהן אַלץ דערקלערן, פאַרוואָס און פאַר ווען און זי וועלן זעען, אַז ס'וועט אַלץ גוט זיין.



## גראָסמאַן

שאָקלענדיק רויק מיטן קאָפּ אויף „ניין

נישט רעגינאַ קאָן מיך איבערצייגן, אַז זי האָט דאָס געמוזט טון און נישט איך וויל ס'זאָל אַנדערש ווערן. פאַר מיר איז אַזוי אויך גוט. איך דאַרף שוין היינט גאָרנישט.

## קלאַרא

כ'בעט איהן, זאָגן זי דאָס נישט, פאַניע גראָסמאַן, זאָל זי נאָר קומען, וועט שוין אַלץ אַנדערש ווערן.

זי שמייכלט צו אים

## גראָסמאַן

גלייבן זי מיר: ס'איז איבעריק צו רעדן דערפון. איך דאַרף שוין היינט גאָרנישט, גאָרנישט.

ער שפרייזט הין און צוריק

## קלאַרא

נישט זיכער

פאַניע גראָסמאַן, איך וואָלט איהן עפּעס געבעטן.

זי שווייגט

## גראָסמאַן

וואָס ? וואָס ווילן זי ?

## קלאַרא

איך וואָלט איהן געבעטן, זי זאָלן מיר איבערגעבן, וואָס רעגינאַ וועט איהן זאָגן. כ'זאָג דאָך איהן: זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי וועט היינט קומען און זי וועט איהן זאָגן דעם גאַנצן אמת, צוליב וואָס זי האָט דאָס געטון. איך גלייב, אַז היינט וועט זי איהן זאָגן דעם גאַנצן אמת.

גראַסמאַן

נאָך וואָס ווילן זי דאָס וויסן?

קלאַרא

פאַרשעמט

איך קאָן איהן נישט זאָגן. איך דאַרף דאָס נייטיק וויסן. איך מיין, אַז וואָס די אורזאַכע זאָל נישט זיין, דאַרפן זי זיך פאַר מיר נישט קרעמפּירן און זי מעגן מיר זאָגן. נאָך אַ פּויזע זאָגן זי מיר דאָס צו, פאַניע גראַסמאַן?

גראַסמאַן

יאָ, כ'זאָג איהן צו, כ'וועל איהן זאָגן. נאָר מיר אַליין איז דאָס גאָרנישט אינטערעסאַנט. מיר איז שוין היינט קיין זאַך נישט אינ-טערעסאַנט, ווייל מיר האָט גאָט מיינע אויגן געעפנט און איך זע ווי אַ גאַנצע, גרויסע וועלט גייט אונטער. וואָס זשע קאָנען מיך אַזעלכע קלייניקייטן אינטערעסירן?

קלאַרא

צופרידן

זאָגן זי מיר, הייסט עס, צו, אַז זי וועלן מיר זאָגן?

גראַסמאַן

יאָ, יאָ, כ'וועל איהן זאָגן. אַן זי דאַרפן וויסן, פאַרוואָס לאָס נישט. זי זענען דאָך נישט קיין פרעמדע.

קלאַרא

נערירט

גלייבן זי מיר, פאַניע גראַסמאַן. אַז דאָס, וואָס איך ווינטש איהן, מעג מיר געשעען.

גראַסמאַן

איך ווייס, אַז זי זענען מיר אַ גוטער פריינד. נאָך אַ פּיילע שווייגן



פונדעסטוועגן, אַז זי האָבן געוואוסט, אַז רעגינאַ גייט דאָס טון, האָבן זי מיר נישט געזאָגט און זי האָבן זי נישט איינגע-האַלטן.

קלאַרא

אַנגעברוגזט

זענען זי, פאַניע גראַסמאַן, דאָס פאַרדריסט מיך שוין אויף איהן. אַז איך האָב מיך שוין געשוואוירן פאַר איהן בײַ מיין טאָכטערלס לעבן, אַז כ'וועל איהן אַמאָל דאָס דערקלערן, פאַרוואָס איך האָב רעגינאַן נישט אָפּגעהאַלטן, דאַרפן זי שוין אַליין פאַרשטיין, אַז כ'האָב דערביי געוויס געהאַט אַן ערלעכן מיין.

גראַסמאַן

יאָ, איך גלייב איהן, אין איהנס ערלעכקייט און אין איהנס פריינד-שאַפט צווייפל איך נישט, דאָך יעדעס מאָל, וואָס איך דערמאָן זיך, אַז זי האָבן געוואוסט און זי האָבן מיר נישט געזאָגט — קאָן איך איהן דאָס גאָרנישט מוחל זיין.

קלאַרא

האָבן זי נאָך אַ ביסל געדולד און איך גלייב, אַז זי וועלן אַלץ וויסן.

גראַסמאַן

מיט יאוש

מיר איז שוין יעצט אַלציינס, איך וויל שוין גאָרנישט, גאָר-נישט.

קלאַרא

זי רופט, בליקנדיק צום גלאָז קאָמער

רחל! רחל!

רחל עפנט די טיר און בלייבט שטיין

### קלאַראַ

נעם, וואַרעם אָן די קאַווע, ווען דער הער איבערבייסן.

### רחל

זי גייט צו צום טיש נעמען די קאַווע

איך האָב שוין היינט דריי מאָל געוואַרעמט; אַז דער הער וויל נישט עסן, וואָס קאָן איך טון?

### גראָסמאַן

ניין, ניין, מ'דאַרף נישט, ס'הונגערט מיך נישט. איך האָב נאָך נישט אינגאַנצן אָפּגעדאַוונט. איך וועל טאַקע אַריינגיין אָפּדאַווענען.

ער נעמט פון טיש דעם סידור און גייט אין שלאָף-צימער אַריין, פאַרמאַכנדיק הינטער זיך די טיר

### קלאַראַ

מיט באַדויערונג

ער עסט גאָרנישט? ער זעט גוט אויס, האַ!

### רחל

פרעגן זי שוין גאָרנישט. ס'איז גאָטס רחמנות אויף אים. אַמאָל בייסט ער איבער באַנאַכט און אַמאָל דאָס אויך נישט; גאַנצע טעג האַלט ער אין איין דאַווענען און גאַנצע נעכט האַלט ער אין איין וויינען.

### קלאַראַ

איך האָב דאָך דאָ מיט אים גערעדט אַ צייט. איך זע, אַז ער איז באַ גאַנץ קלאָרע געדאַנקען.

### רחל

נאָר דאָס איינע, וואָס ער האָט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ אַריין, אַז די וועלט גייט אונטער.



### קלאַראַ

אָפּזיפצנדיק

דאָס רעדן, נעבעך, זיינע צרות, נישט ער.

ס'הערט זיך אַ קלונג פון טיר-גלעקל. רחל איילט עפענען.
ס'קומען אַריין: רעגינאַ און נאַטאַן. רעגינאַ איז אָפּגעצערט און בלאַס

### נאַטאַן

אַרומבליקנדיק

וואו איז ער, דער בעל-תשובה?

### קלאַראַ

מיט אַ ברוגזער מינע

אין דרינען.

### רעגינאַ

אַנידערזעצנדיק זיך

ער דאַוונט אודאי, יאָ?

### קלאַראַ

יאָ.

נאַטאַן טוט, אומבאַמערקט פאַר רעגינאַן, אַ בייזן בליק אויף קלאַראַן און גייט אַריין צו גראָסמאַנען, פאַרמאַכנדיק הינטער זיך די טיר

### רעגינאַ

פאַרטרויליך צו קלאַראַן

האָסט דאָ עפּעס גערעדט מיט אים, קלאַראַ?

### קלאַראַ

צי כ'האָב דאָ גערעדט מיט אים, כ'האָב מיט אים אַ סך גערעדט.

ער האַלט נאָר אין איין שרייען: פאַרוואָס און פאַרוואָס? פאַרוואָס דו האָסט דאָס געטון.

רעגינאַ

ר'האָט געוואוסט, אַז איך וועל קומען?

קלאַראַ

יאָ, איך האָב אים געזאָגט. זאָג נאָר, וואו האָסטו דיך עפּעס געטראָפן מיט נאַטאַנען?

רעגינאַ

צעשטרייט

מיט נאַטאַנען? כ'בין אַריינגעגאַנגען אין דעם טויער אַריין האָב איך אים פונקט געטראָפן אַרויפגיין. זאָגסטו, אַז ער האָט יאָ געוואוסט, אַז איך וועל קומען.

קלאַראַ

יאָ, כ'זאָג דאָך דיר, אַז איך האָב אים געזאָגט.

רעגינאַ

נו, וואָס האָט ער גערעדט? ר'איז צופרידן געווען?

קלאַראַ

וואָס זאָל ער רעדן. ער האַלט נאָר אין איין פרעגן: פאַרוואָס?

רעגינאַ

כ'ווייס נישט, וואָס מען טוט. וואָס זאָגט מען אים?

קלאַראַ

ווי אויפגעוועקט

נאָר דעם אמת. דעם ריינעם אמת. דו האָסט דאָך מיר אַליין געזאָגט,



אַז ער זאָל וויסן דעם אמת, וואָלט ער אַליין אויך מודה געווען, אַז דו האָסט געמוזט אַזוי טון. וואָס זשע דאַרפסטו פאַר אים צו לייקענען?

רעגינאַ

פאַרטראַכט

יאָ, ס'איז טאַקע אמת, ס'איז מיר אָבער שווער אים דאָס צו זאָגן.

קלאַראַ

שווער. ווי שווער ס'זאָל דיר נישט זיין, מוזסטו אים אָבער דאָך זאָגן. אפשר וועט ער זיך פאָרט באַרויקן און אַנדערש ווערן. זעסט דאָך, אַז אַלע תירוצים האָבן נישט געהאָלפן, פאַרקערט ס'האָט אים נאָך מער אויפגערייצט. מעגלעך, אַז דו וועסט אים זאָגן די אמתע אורזאַכע, וועט ער זיך יאָ באַרויקן.

רעגינאַ

כ'האָב מורא, אַז דעמאָלט וועט ער זיך ערשט אויפרייצן, ווי ס'דאַרף צו זיין.

קלאַראַ

אַז דו ווילסט מיר נישט דערציילן די אורזאַכע, קאָן איך דאָך דיר נישט אַזוי גענוי זאָגן, נאָר לויט מיין נאַרישן שכל קומט אויס, אַז דו האָסט נישט וואָס איינצושטעלן. אַזוי, ווי ר'איז יעצט איז נאָך ערגער און אַזוי, אַז דו וועסט אים זאָגן דעם אמת, וועט עס פאָרט אַן עק נעמען.

רעגינאַ

מיר דאַכט זיך, אַז אַ זאַך, וואָס זאָל אים איבערראַשן, האָלט אים אפשר געקאָנט אַרויסברענגען פון זיין אָפּגעזונדערט וועלטל.

### ק ל אַ ר אַ

אַ פראַגע דאָס איז. איך בין זיכער. נאָר עפּעס אַ שטאַרקע זאַך, מעג זי אים זאָגאַר דערשיטערן, קען אויף אים אַ ווירקונג האָבן. דער עיקר איז אָבער ס׳זאָל זיין דער אמת. נאָר דעם אמת, הערסט, רעגינאַ?

### ר ע ג י נ אַ

זי שטעלט זיך אויף און רעדט אַנטשלאָסן

יאָ, וואָס ס׳האָט צו זיין זאָל זיין. איך וועל אים זאָגן דעם גאַנצן אמת און שוין. זי טוט אויס דעם הוט און מאַנטל און זעצט זיך צו דער פּיאַ־נינע, זאָגנדיר זאָל איך אַ שפּיל טון?

### ק ל אַ ר אַ

בערעגט

הער אויף, וועסט דאָך אים אַרויסברענגען פון די כּלים; יענער האַלט אין איין פּאַסטן און ווייַנען און דו גייסט גאָר שפּילן.

### ר ע ג י נ אַ

איבערראַשנדיק מיט די הענט דאָס פּנים

יאָ, ס׳איז פון אים געוואָרן אַ שיינער לייט. קוקנדיק צו די זעמל מיט דער קאַווע: כ׳זע דאָך, דאָס מוז אוודאי זיין זיין פריִשטיק; ס׳איז שוין געוויס צוויי האָט ער נאָך גאָרנישט געגעסן.

### ק ל אַ ר אַ

יענער זעט אויס, אַז ס׳איז אַ שרעק צו קוקן.

### ר ע ג י נ אַ

ר׳איז אַ גוטער שלאַק, וואָס פרעגסטו.

זי בלייבט זיצן פאַרטראַכט

### ק ל אַ ר אַ

דו האָסט דיר אויך געמאַכט אַ שיין פּנים.



### ר ע ג י נ אַ

אויף מיר איז קיין וואונדער נישט. נאָך אַזאַ פּאַרציע, ווי איך האָב געהאַט איז מער וואונדער, אַז כ׳בין געבליבן לעבן.

### נ אַ ט אַ ן

ער קומט אַרויס, הייבנדיק מיט די אַקסלען

אסור אויב איך הייב אָן צו פאַרשטיין, וואָס ס׳איז געוואָרן פון דעם מענטש. סיידן ער וויל אַראָפּברענגען משיחן.

### ר ע ג י נ אַ

אויפשטעלנדיק זיך

וואָס האָט ער מיט איהן גערעדט?

### נ אַ ט אַ ן

ער האָט נאָר איין טעמע — די וועלט גייט אונטער. ער זעט, זאָגט ער, אַז די וועלט גייט אונטער.

רעגינאַ גייט אַנטשלאָסן און פּראַלט דרייסט אויף די טיר פון שלאָף־צימער. זי שטייט אַ ווײַלע אויף דער שוועל, נאָר באַלד גייט זי דאָרט אַריין, פאַרמאַכנדיק די טיר הינטער זיך

### ק ל אַ ר אַ

מיט אַ פאַרשנדיקן טאָן

וואו האָסטו זיך עפּעס, פלוצלינג, געטראָפן מיט רעגינאַן?

### נ אַ ט אַ ן

בייז

אויף אַ פראַגע, וואָס קומט מיט אַזאַ טאָן, גיב איך קיין ענטפער נישט.

### ק ל אַ ר אַ

גאַנץ גוט. ביסט גערעכט, ביסט גערעכט. אַז כ׳האָב דיך נעכטן גע־

פרעגט, וואו דו ביסט יעדע נאַכט בין איינס אַ זייגער, האָסטו דאָן מיר אויך דאָס אייגענע געענטפערט.

### נ אַ ט אַ ן

נאָך עטלעכע סעקונדן

און אַז כ'וועל דיר זאָגן, אַז זי איז צו מיר געקומען אין געשעפט אַריין, וועט שוין גוט זיין ?

### ק ל אַ ר אַ

באַטריבט

ס'איז מיר שוין אַלציינס. פיר, פיר

### נ אַ ט אַ ן

אויפגערעגט

וואָס „פיר", „פיר", זאָג, וואָס דו האָסט צו זאָגן, זאָג.

### ק ל אַ ר אַ

גאָרנישט. „הימל און ערד האָבן געשוואוירן, קיין זאַך זאָל נישט ווערן פאַרלוירן", הער נאָר צו. . .

### נ אַ ט אַ ן

נאָכשפּעטנדיק

„הער נאָר צו", „הער נאָר צו", גערעגט וואָס ? וואָס הער נאָר צו ?

### ק ל אַ ר אַ

שוין, שוין, ביסט גערעכט.

פון שלאָף-צימער הערט זיך גראָסמאַנס שטימע : „פאַרוואָס ? ! פאַרוואָס ? !"



### נ אַ ט אַ ן

צו קלאַראַן

דו וואָלסט געמעגט חתונה האָבן מיט אים, צ'זענט אַ גליי-כע פּאָר,

### ק ל אַ ר אַ

און דו מעגסט חתונה האָבן מיט איר, זי איז אַזאַ „פייגעלע" ווי דו.

די טיר פון שלאָף-צימער פראַלט זיך אויף. גראָסמאַן שפּאַנט אַרויס הינטערוויילעכץ, ציענדיק נאָך זיך רעגינאַן, האַלטנדיק איר ליגקע האַנט מיט זיינע ביידע. רעגינאַ רייסט זיך און וויל זיך באַפרייען פון אים, ער האַלט זי אָבער פעסט. ביידע זענען זיי צעשטרייט. רעגינאַ איז אויך דערשראָקן

### ג ר אָ ס מ אַ ן

שרייענדיק ווילד

הערסט, מענטשן, הערסט, וואָס זי וויל מיר ווידער איינשמועסן, אַז. . .

### ר ע ג י נ אַ

זי וואַרפט זיך אויף אים און פאַרשטעלט אים מיט איר רעכטער האַנט דאָס מויל

זאָלסט שווייגן ! הערסט, זאָלסט שווייגן !

### ג ר אָ ס מ אַ ן

ער האַלט פעסט רעגינאַן בײַ די הענט און ער פאַררייסט הויך דעם קאָפּ, דרייענדיק אים אַהין און אַהער, ווילנדיק זיך באַפרייען פון איר האַנט און רעדן. רעגינאַ שטרענגט אָבער אָן איר גאַנצע געשיקטקייט אים צוצוהאַלטן דאָס מויל. נאַטאַן שטייט, ווי פאַר-לוירן. קלאַרא איז נייגיריק, אויפגעבראַוזט און זי באַמערקט נאַ-טאַנס פאַרלעגנהייט. ענדלעך לאָזט גראָסמאַן אָפּ רעגינאַס הענט, און אויסקעטשופּענדיק זי פון זיך, שרייט ער אויס

אַז ס'איז נישט מיין קינד! אַז ס'איז נישט מיין קינד!

נאַטאַן און רעגינאַ טרעפן זיך צונויף מיט זייערע דערשראָקענע בליקן. קלאַרא טוט זיך אַ דריי אויס פון אַלע און, אויפשטעלנדיק זיך, גייט זי ביז צו דער טיר, וואָס פירט אין קיך אריין, און בלייבנדיק דאָרט שטיין מיטן פנים צו דער וואַנט, ברעכט זי אויס אין אַ ספּאַזמאַטיש געוויין

## גראָסמאַן

ער שטייט און בליקט לאַנג מיט אומפאַרשטענדלעכע בליקן צו קלאַראַן, נאָר פּלוצלינג, ווי ס'וואָלט אים עפּעס אויפגעבליצט אין מוח, בליקט ער אויף רעגינאַן, וועלכע שטייט מיט אַראָפּגעלאָזטע בליקן, בייסנדיק אַ נאָגל פון אירע נערוועז-ציטערנדיקע פינגער, און ער בליקט צו נאַטאַנען, וועלכער שטייט געשפּאַרט מיט אַן אַקסל באַם בייסטעדל בא דער טיר פון שלאָף-צימער און ער געפינט נישט קיין אָרט פאַר זיינע בליקן. ס'איז קענטיק, אַז בליקנדיק פון רעגינאַן אויף נאַטאַנען און פון זיי אויף קלאַראַן, ווערט אים אַלץ אין מוח קלאָרער און קלאָרער. ענדלעך בליקט ער זיך נערוועז שנעל ארום איבערן צימער, און בלייבנדיק שטיין מיטן בליק אויף קלאַראַס ציקענדיקער פּלייצע, טוט ער אַ טיפן, ווילדן קרעכץ און כאַפּנדיק דאָס מעסער פון טיש, דערנענטערט ער זיך שטאַרק איינגעבויגן צו נאַטאַנען מיט אַן אויסגעשטרעקטן האַלז, און דערלאַנגענדיק אים דאָס מעסער, שרייט ער מיט אַ פאַרשטיקטער, כמעט הייזעריקער שטימע: „נאַ, דערשעכט מיך! ס'איז דאָך דיין קינד, דערשעכט מיך!!!"

## נאַטאַן

ער וואַרפט זיך צו אים דערשראָקן-פלינק, און ארויסכאַפּנדיק פון אים דאָס מעסער, שרייט ער:

הרגע נישט קיין מענטשן, הרגע נישט!

גראָסמאַן בלייבט איין סעקונדע שטיין, ווי אַן באַוואוסטזיין, דאַן לאָזט ער זיך מיט אַ פאַרקרומט געזיכט, ווילדע קרעכצן און מיט אויסגעשטרעקטע הענט, ווי צום שטיקן, נאָך רעגינאַן, וועלכע אַנטלויפט פון אים. ער יאָגט זי איינמאָל אַרום טיש. נאַטאַן טוט אַ שליידער אַוועק דאָס מעסער און גרייט זיך פאַרטיידיקן רעגינאַן. גראָסמאַן, זעענדיק, אַז נאַטאַן וויל זי פאַרטיידיקן, לויפט ער צעטראָגן בליץ-שנעל אַרויס אויף דעם באַלקאָן און וואַרפט זיך מאָמענטאַל אַראָפּ

## רעגינאַ

צוואַיילנדיק צום באַלקאָן

אוי! ר'האָט זיך אַראָפּגעוואָרפן!

זי ברעכט זיך די הענט, לויפנדיק ווילד איבערן צימער

## קלאַראַ

זי דרייט זיך אויס און לויפט אויך צום באַלקאָן, שרייענדיק:

מערדערס! כ'וויל נישט לעבן! כ'וויל נישט!

נאַטאַן איילט און כאַפּט זי אַרום. ער האַלט זי פעסט. זיי ראַנגלען זיך דערשראָקן און צעשטרייט

## רחל

זי קומט אַריין אַ דערשראָקענע

ווייי איז מיר! וואָס איז עס?

זי אָריענטירט זיך שנעל. זי ברעכט אויס אין אַ ביטער געוויין, און אויסשרייענדיק: „ווייי איז מיר, די וועלט גייט דאָך טאַקע אונטער!" לויפט זי שנעל אַרויס

דער פאָרהאַנג לאָזט זיך ראַש אַרונטער

